ד"ר. עמנואל פאט

# בריון קיין מדינת ישראל

פארלאג „לעבנס-פראגן"
תל-אביב 1955

* * *

אין פרילינג 1954 בין איך געפֿאָרן קיין ארץ־ישראל.

פֿאַר מיין דור — דעם צווייטן דור יידישע סאָציאַליסטן — איז ארץ־ישראל ניט דאָס לאַנד פֿון די חדר־פֿאַנטאַזיעס. מיר האָבן אין חדר ניט געלערנט. די בערג, די טאָלן פֿון יהודה, פֿון גליל, רעדן מער ניט מיט דער אינטימסטער שפּראַך פֿון די פֿריסטע קינדער־איבערלעבונגען, וואו אייגענער עבר גיסט זיך צונויף מיט פֿאָלקס־עבר.

פֿאַר אונז איז ארץ־ישראל — מדינת ישראל — אַ טייל פֿון אונזער ה י י נ ט, פֿון אונזער א י צ ט י ק ע ר יידישער ווירק־לעכקייט.

בין איך געפֿאָרן זען דאָס יידישע לאַנד אזוי ווי עס זעט א י צ ט אויס און געפּרואווט אויך דערשפּירן וואָס עס טראָגט אין זיך פֿאַר דער צ ו ק ו נ פ ט...

אליין איינער פֿון דער שארית הפּליטה זוך איך וואו האָט זיך אָפּגעראַטעוועט א שפּענדל, וואו עס פֿלעמלט זיך נאָך אַ פֿייערל פֿון אונזער פֿלאַקערנדיקן נעכטן.

בין איך געפֿאָרן עס זוכן אין מדינת ישראל.

א תלמיד פֿון די יידישע פֿאָלקס־שולן פֿון פּוילן, דערצויגן אויף דער נייער יידישער ליטעראַטור, מיט ליבשאַפֿט צו אונזער אויסגע־

פּרואוווטן כלי זין אין קיום־גערעאנגל — די יידישע שפּראַך, בין איך געפּאָרן אין אַ לאַנד, וואו עס לעבן הונדערטער טויזנטער אונזערע, עמך־דיקע יידיש־רעדנדיקע יידן. געפּאָרן זיי זען אין זייערע פריידן און ליידן. געוואָלט אויך זען, וואָס עס געשעט, וואָס עס וועט דאָרטן געשען מיט דעם אוצר, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די געטאָס, פון די קאַצעטן, פון די סיבירער און טראַנסניסטריער שקלאַפן־לאַגע־רן — מיט אונזער מאַמע־לשון יידיש.

איז געווען אין פּוילן אַ ווונדערבאַרע יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט: „צוקונפט", אַ סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד „סקיף" — אונטער דער אָנפירונג פון „בונד". איך בין געווען אַ טייל פון זיי. צו־זאַמען מאַרשירט הינטער די רויטע שטורעם־פענער. געטרוימט וועגן אַ ניי לעבן. געהאָלפן „שמידן" דעם נייעם מענטשן — דערציען דעם יונגן דור, די קינדער פאַר בראַווע, שטאָלצע יידישע סאָציאַליסטן.

זענען זיי אַלע, מיינע חברים, מיינע תלמידים, געפאַלן פון די היטלעריסטישע קוילן. פאַרברענט געוואָרן אין טרעבלינקע. צעשאָסן געוואָרן אין פּאָנאַר. אָדער — אויסגעגאַנגען פון הונגער אויפן געטאָ־ברוק.

אָבער ניט פאַרגעסן זענען זיי געוואָרן! ווייל פון זייערע רייען זענען דאָך יונגע מענטשן אויפגעשטיגן צו אומשטערבלעכקייט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, אין די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס אין די וועלדער, אין די געטאָ־מרידות.

בין איך געפּאָרן זען די קינדער, די יוגנט אין מדינת ישראל. וואָס טראַכט די נייע יוגנט? ווי אַזוי פילט זי?

איך בין א בונדיסט — בן בונדיסט. איך בין אויסגעוואַקסן אין דער בונדישער באַוועגונג. די אידייען פון יידישן סאָציאַליזם זענען דער יסוד פון מיין דענקען. דעריבער איז מיין הויפּט־אינטערעס אין מדינת ישראל געווען — די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. אירע פּאָלי־טישע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס. אירע דערגרייכונגען אין שטאָט און דאָרף. אירע אידייאישע געראַנגלען. די דרכים, אויף וועלכע זי פּרובירט גיין צום סאָציאַליזם.

ווי נאָענט זענען מיר, אַ בונדיסט, אָט די וועגן — און ווי פּרעמד?

... אַן אומגעריכטער צופאַל פון מזל האָט מיך אין דער לעצטער רגע, ווען פוילן האָט שוין געברענט, אַריבערגעוואָרפן קיין אַמעריקע. דאָ, אין ניו־יאָרק, זענען געבוירן געוואָרן מיינע קינדער. דאָ וואַקסן זיי אויף, און ניט נאָר זיי — אויך זייערע טאַטע־מאַמע האָבן ליב געקראָגן דאָס נייע לאַנד. דאָס איז איצט אונזער היים. אַזוי בין איך געוואָרן אַ טייל פון די פינף מיליאָן יידן אין אַמעריקע. מיין גורל איז פאַרבונדן געוואָרן מיטן גורל פון דאָזיקן יידנטום, מיט זיין זוכן — דורך שטרויכלונגען, דורך וואַקלענישן — אַן אייגענע פאָרעם פאַר זיין יידישקייט, צוגעפּאַסט צו די אַמעריקאַנער באַדינגונגען.

טראַכטן מיר אַלע:

וואָס מיינט מדינת ישראל פאַרן אַמעריקאַנער יידנטום? וואָס פאַראַ התחייבות האָבן מיר לגבי די יידן פון ישראל? וויפל גוטס ברענגט אונז מדינת ישראל? און איז עס — בלויז גוטס?

אָבער גלייכצייטיק:

וואָס מיינען פאַר אונז די פעלערן פון מדינת ישראל? וואָס שטעלן מ י ר אין קאָן? וועלכע געפאַרן דראָען אונז דערביי?

וו אָ ס מ יי נ ט ה יי נ ט ע ס י ש ר א ל? וואָס פאַרבינדט אונז — און וואָס צעטיילט אונז א י צ ט? וואו זענען די כוחות, וואָס קאָנען אונז פאַרבינדן אין דער צ ו ק ו נ פ ט? צי וועלן מיר, דאָס יידישע פאָלק, ניט פאַנאַנדערגעריסן ווערן אויף שטיקער און עס וועלן אַוועק, באַזונדער, אין היפּוכ׳דיקע ריכטונגען, דער „שבט״ מדינת ישראל און די „שבטים״ פון דער יידישער אַמעריקע?

אַ סך שאלות האָב איך געפרעגט.

וויפל תשובות האָב איך געפונען?

איך האָב צונויפגעזאַמלט מיינע איינדרוקן, איבערלעבונגען, רעיונות אין דער פאָרעם פון צוועלף בריוו — צו מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן אין מדינת ישראל (מיטן אויסנאַם פון איין בריוו צו אַ גוטן באַקאַנטן, וועלכן איך האָב ניט געטראָפן, ניט ג ע וו אָ ל ט טרעפן). צווישן זיי זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זענען אין לאַנד זייער מפורסם. פאַראַן ווייניקער באַקאַנטע

און אויך אַזעלכע, יונגע מענטשן, וואָס זייער נאָמען איז פרעמד דער עפנטלעכקייט.

די דאָזיקע בריוו פרעטענדירן ניט אַרומצונעמען דאָס לאַנד און זיינע אומצייליקע פּראָבלעמען. בלויז דאָס, וואָס דער מחבר האָט אַליין געזען, פּערזענלעך אַדורכגעלעבט, איז דאָ פאַרצייכנט געוואָרן.

איך דאַנק אַלע חברים, פריינט, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, וואָס האָבן מיט זייער גרייטקייט, האַרציקייט געהאָלפן מיר זען און דערקענען אַ ביסל דאָס לאַנד.

אַ ספּעציעלן דאַנק דעם פאַרלאַג „לעבנס־פראַגן“.

# בריוו צו

| | |
|---|---|
| אברהם ברק־בערקאָוויטש | קיבוץ נצר |
| שלמה | „אליאנס", חדרה |
| ישראל מרום־מערעמינסקי | בית הסתדרות, תל־אביב |
| גדעון | צבא הגנה לישראל |
| געניע | צבא הגנה לישראל |
| פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער | ירושלימער אוניווערסיטעט |
| אָדרי און יאָסל בערגנער | צפת |
| דוד פּינסקי | חיפה |
| יחיאל ששון | כפר בלום |
| משה סנה־קליינבוים | כנסת, ירושלים |
| ק. שבתאי | רעדאקציע „דבר", תל־אביב |
| בענצל צאלעוויטש | תל־אביב |

חבר אברהם ברק־בערקאוויטש
קיבוץ נצר

טייערער חבר אברהם:

די היגע צייטונגען שרייבן וועגן פייערונגען ביי אייך אין קיבוץ אין שייכות מיט דער גרויסער שניידער־פאַבריק, וואָס איר חבר אברהם בויט דאָרטן.

קיבוץ נצר... מיין ערשטער באַזוך אין אַ קיבוץ אין ארץ־ישראל. דער טויער צו אינזלען פון ברידערלעכקייט, פון אַרבעט.

איז עס ווייל עס איז געווען פאר מיר דער ע ר ש ט ע ר קיבוץ? אָדער ווייל אַזאַ פאַרשיכורנדיקער ריח האָט זיך דאַן גע־טראָגן פון די מאַראַנצן־פּרדסים?

איך פיל מיין איבערלעבונג אין קיבוץ נצר שטאַרקער ווי וועלכע ניט איז אַנדערע איבערלעבונג מיינע אין מדינת ישראל!

אָדער — ווייל קיבוץ נצר איז — קיבוץ בוכענוואַלד פּלוס די בויער פון גבעת ברענער?

...זענען ארויס פון די טויט־געסלעך פון בוכענוואַלד אויסגע־דאַרטע, קראַנקע יידישע בחורים און מיידלעך. האָט הונגער געשריי־גן פון זייערע אויגן. האָט פיבער געפרעסן זייער לייב.

אָבער נאָך שטאַרקער פון הונגער אין מאָגן איז געווען — דער הונגער אין דער נשמה. און העכער ווי דער פיבער אין די אברים איז געווען דער פיבער אין האַרצן:

— מיר ווילן לעבן פריי — ווי יידן, צווישן יידן, פאַר יידן, מיטן פאָלק.

האָט איין פיבערנדיקער יונגער ייד אויסגעזוכט אַ צווייטן. האָט יידישער לעבנס־הונגער צונויפגעפירט איין ניצול־געוואָרע־נעם מיטן אנדערן.

איז געבוירן געוואָרן אין די דייטשע די־פּי־לאַגערן „קיבוץ בוכענוואַלד״.

קומט מען קיין פראַנקרייך. אַ יוגנט־היים. כדי צו קומען צו זיך, בייצוקומען די לאַגער־קראַנקהייטן. אַ ביסל לייב זאָל אַרויף אויף די דאַרע ביינער.

און אויף צו גרייטן זיך. הכשרה.

דערשלאָגט מען זיך קיין ארץ־ישראל.

און איידער וואָס־ווען — מאי 1948. אַראַבישע חיילות פון אַלע זייטן. דאָס פאָלק איז ווידער אין טויט־סכנה. „וועטעראַנען״ פון דאַכאַו און בוכענוואַלד שטייען אין דער ערשטער ריי.

קריכט מען ביינאַכט צום בערגל. דאָרט שטייט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַ דייטשע מאָנאַכישע „טעמפּלאַר־שול״. א שול? אַ פעסטונג פון יידן־האַס! אַ נעסט פון נאַציס! איצט, פאַרשטייט זיך, אַ באַסטיאָן פון די אַראַבער.

פליען קוילן אַהין און צוריק. טרעפן זיי אויך אין גופים, געליי־טערטע אין אוישוויץ, צו די מחנות קרבנות פון טרעבלינקע און פּאָנאַר קומען צו נייע.

אָבער ווען די זון שיינט אויף — איז די נאַצישע שלאַנגען־נעסט איינגענומען.

ברענגט מען די חברים צו קבורה אויפן באַרג און מען שווערט:

— אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן מיר זיך דאָ צוריק־קערן. און דווקא דאָ, אין דער צעשטערטער נאַצישער פעסטונג, וועלן מיר אויפשטעלן אונזערע געצעלטן!

דווקא דאָ!

אַלטע אויסגעפּרוּוטע בויער פון גבעת ברענער שליסן זיך אָן צו דער מחנה יונגע בוכענוואַלדער בויער. ווערט צוזאַמען: קיבוץ נצר.

איז אפשר די פאַראייניקונג פון אָט דיביידע, גרויסע, אין פייער אויסגעפּרוּווטע עלעמענטן פון יידישן פאָלק דער סוד פון וואוקס פון אייער קיבוץ?

געדענק איך ווי מיר זענען ביידע געגאַנגען פון פעלד צו פעלד, פון די רחבות׳דיקע מאַראַנצן־פּרדסים צו די גרינע זיתים־פעלדער. פון הויז צו הויז.

קלויבט אַ באָרוועסער בחור בעבלעך פון אַ בייט פאר זיין הויז.

— דאָס איז אונזער הויפּט־אַגראָנאָם — זאָגט איר מיר.

אָנגעהויבן זיין לערע האָט ער — אין סיבירער פארשיקונג, אין אַ שקלאַפן־„קאָלכאָז". אָבער אין ישראל האָט ער געקראָגן אמתע בילדונג. דער קיבוץ האָט אים געשיקט אויף ספּעציעלע העכערע קורסן. ער איז שוין איצט אַ פאַכמאַן.

אָבער עס איז נאָך אַלץ באַקוועמער אַרומצוגיין האַלב־נאַקעט, אין אָפּגעקראָכענע הויזן, באָרוועס...

קומט אונז אַנטקעגן די דאָקטאָרין פון קיבוץ.

— צופרידן ?

— ניט צופרידן — גליקלעך !

אַ יונגע פרוי — אָבער גרויסע רייפקייט, דערפאַרונג גייט מיט איר טראָט.

די סיבה ?

דער נומער אויף איר האַנט. אוישוויץ.

געבוירן, געלעבט אין אמסטערדאַם. אַ טאָכטער פון אונזערע ספרדישע מיוחסים.

אָבער נאָך אוישוויץ האָט זי באַשלאָסן אוועקצוגיין קיין ארץ־ישראל.

— פאַרוואָס האָט איר, קאָלעגין, אויסגעקליבן צו פּראַקטיצירן אין אַ קיבוץ ? פאַרוואָס ניט אין שטאָט ?

— וואו נאָך וועט מיין זונעלע קאָנען האָבן אַזאַ גליקלעכע קינדהייט ? וואו וועט ער קאָנען וואַקסן אַזוי זאָרגלאָז, פריי ?

די דאָקטאָרין איז — אַ יונגע אלמנה. פון די היטלער־יאָרן האָט זי אָפּגעראַטעוועט איר אוצר : א ייִנגעלע. און זי האָט אים געבראַכט צו די נעסטן פון קינדער־גליק — די בתי ילדים פון קיבוץ.

און אָט פירט איר מיך טאַקע, חבר אברהם, צו די קינדער־הייזער. לויפט פון דאָרטן אייך אנטקעגן אייער אייגן ייִנגל „אמנונ־טשיק". באַגריסן אייך מיט פרייד אַלע אַנדערע קינדער...

יעדער, וואָס קומט קיין ארץ־ישראל, האָט זיך שוין פריער אָנגעלייענט וועגן דער זאָרג פאַר די קינדער אין די קיבוצים און וועגן די פּראָבלעמען, וואָס שווימען דערביי אַרויף. אָבער ערשט ווען מען קומט אין קיבוץ צו דער שורה נייע הייזער, פון דעם הויז

פאַר די זויג־קינדער ביז צו דעם הויז פון די יוגנטלעכע, מען זעט די ריינקייט און אָרדענונג, מען דערקענט וויפל מי און איינפאַל עס ליגט אין יעדער שפּילצייג, וואָס איז מיט די אייגענע הענט געמאַכט געוואָרן פון שמאַטקעס, פון שטיקלעך האָלץ, מען שמועסט מיט די לערער און לערערינס — ערשט דאַן באַנעמט מען די אָנשטרענגונג פון קיבוץ, וואָס האָט גלייך ביי זיין יסוד אַוועקגעשטעלט דאָס געזעץ:

— פאַר אונזערע קינדער — אַלץ!

און דער עיקר: ווען מען טרעפט די קינדער גופא, די עופה־לעך אין די וויגעלעך און די יונגע, זון־אָפּגעברענטע בחורים און מיידלעך, וואָס באַלד־באַלד וועלן זיי זיך שטעלן, אַקסל ביי אַקסל, מיט זייערע עלטערן ביים בוי פון קיבוץ, מען זעט זייער געזונט־קייט, זייער פיינעם וואוקס, קיין עין הרע, — דאַן שאַצט מען אָפּ די דערגרייכטע רעזולטאַטן.

און אַ יידישער סאָציאַליסט געדענקט כסדר:

פון ערשטן טאָג אָן קריגן דאָ די קינדער א ס אָ צ י א ל י ס־ ט י ש ע דערציאונג.

חברשאַפט. גלייכהייט. פריידיקע שעפערישע אַרבעט. דערצי־אונג צו א לעבן אָן אויסנוצונג, אָן גײַציג נאָך געלט. אמתער קאָלעק־טיוויזם.

סאָציאַליזם ניט פון לאָזונגען און פּראָקלאַמאַציעס — נאָר פון סאַמע גרינטלעכסטן יסוד: פון לעבנס־אופן.

איך גופא האָב יאָרן פון מיין לעבן אָפּגעגעבן דער סאָציאַליס־טישער דערציאונג־אַרבעט צווישן יידישע קינדער פון פוילן. און כאָטש הײַנט איז אַ מאָדע צו חוזקן פון סאָציאַליזם בכלל און פון דער דערציערישער אַרבעט פון סאָציאַליסטן בפרט — גלויב איך נאָך אַלץ, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אַז נאָר דורך אמתער פריי־ע סאָציאַליסטישער דערציאונג קאָן אויפוואַקסן אַ נייער דור, וואָס זאָל באַפרייען די וועלט פון די איצטיקע גרוילן.

די דערציאונג־באַוועגונג, מיט וועלכער איך בין געווען פאַר־בונדן, די בונדישע קינדער־ און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, זענען פאַר־ניכטעט געוואָרן דורך היטלערן און סטאַלינען, דורך פראַנקן און זאַכאַריאַשן. אָבער פאַר זייער אונטערגאַנג האָבן זיי אונז באַוויזן די

ווירקונג פון דער סאָציאַליסטישער דערציאונג — אין דער אונטער־ערדישער באַוועגונג, אין באוואָפנטן ווידערשטאַנד.

פון „סקיף" און „צוקונפט" אין פוילן ביזן הנוער העובד אין קיבוץ נצר איז א ווייטער שפרונג — אין שטח, אין לעבנס־באַדינגונגען, אין אידעאָלאָגיע. גרויס זענען די אונטערשידן. אָבער די גרונט־אָנשטרענגונג גייט פאַרט אין דער זעלבער ריכטונג פון אויסשמידן דעם נייעם סאָציאַליסטישן מענטשן.

גיט־זשע איבער דעם באַרוועסן, פאַרברוינטן בחור, וועמען איך האָב געזען אין אייער „לול" פּאַרטאָן אין זאָרג פאַר ביין טויזנט הינער און וועמען איר האָט מיר פאָרגעשטעלט אלס לאַנד־סעקרעטאַר פון הנוער העובד — א הארציקן גרוס פון איינעם, וואָס איז מיט צוואַנציק יאָר צוריק געשטאַנען ביי אַן ענלעכער סאָציאַליסטישער דערציאונג־אַרבעט, אין אונזער אומגליקלעכער, הייליקער יידישער וואַרשע.

און אסתר'ן, דער יונגער קיבוץ־טאָכטער, וואָס האָט מיט אזוי פיל געפיל און פאַרשטענדעניש געפייערט מיט די קינדער דעם אָנדענק פון מרידה געטאָ וואַרשע — זאָגט איר, אז איך וועל אָט דעם אָוונט קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

זאָלן זיי, און צוזאַמען מיט זיי אַלע אייערע לערער און דערציער, האָבן גרויס דערפאָלג אין זייער סאָציאַליסטישער דערציאונג־ארבעט!

„שוואַכקייטן פון קיבוץ־לעבן? דורכפאַלן? ניט געלייזטע פּראָבלעמען?"

שעה'ן לאַנג האָט איר, חבר בערקאָוויטש, מיר דערציילט וועגן אייערע פּראָבלעמען, וועגן די שטרייטיקייטן, וועגן די שוועריקייטן. דערציילט אָפן, אָן שום „פּליטערלעך". דערציילט ניט ווי אַן אורח פון דרויסן, נאָר מיך אריינגעפירט אינעווייניק, אין דעם טראַכטן און פילן פון קיבוץ. בין איך געוועזן צופרידן, וואָס די מורא פאַר אַ פאַרגליווערטקייט פון קיבוץ איז געווען — אומזיסט. האָב איך זיך געפרייט, וואָס די פריערדיקע דאָקטרינערישקייט, וואָס איז געקומען סיי פון אָרעמקייט, פון פּרימיטיוון לעבן, און סיי אפשר פון צופיל פאַרגלאָצן די אויגן אויף די מכלומרשט „סאָציאַליסטישע" קאָלכאָזן און סאָווכאָזן פון רוסלאַנד, טרעט אלץ מער אָפּ פאַר א מער בויג־

זאַמען, מער הומאנעם לעבנס־שטייגער: וואו יונגע מענטשן ווערן ניט „אריינגעגאָסן״ אין דער פאָרעם פון דאָקטרינעס, נאָר וואו מען גיט פרייהייט פאַרן יחידישן אויסלעבן זיך — פאַר יעדן איינעם לויט זיין שטייגער, לויט זיין ווילן און באַדערפעניש.

...און אָט ווייזט איר מיר גאָר דעם אכציק־יאָריקן יידן פון איראק, וועמען איר האָט דערלויבט אויפצוקלאפּן פון ברעטלעך א שטאלכל אין סאַמע מיטן קיבוץ און ער האָדעוועט גאָר דאָרטן... קרוליקעס, כדי ער זאָל קענען געבן מתנות פוטער־קעלנערלעך די יונגע פרויען פון קיבוץ... דער אכציק־יאָריקער „דאָן זשואן״...

טראַכט איך וועגן דער טיף־מענטשלעכער זאָרג פאַר די עלטע־רע, וואָס דער קיבוץ ווייזט אַרויס — און וואָס איך האָב באַזונדערס געענוי שפּעטער באוואונדערט אין כפר בלום. וועגן דעם, אז יעדער קיבוצניק קאָן אראָפּברענגען זיין אלטן טאַטן אָדער מאַמע און מעגן זיי זיין ווי קראנק — דער קיבוץ וועט זיך ניט אָפּזאָגן צו טראָ־גן די לאַסט, וועט מיט ליבשאפט אויפנעמען אָט די ארבעט־אומפע־איקע מענטשן און זיך טיילן מיט זיי מיטן ביסן. און אויב אפילו דער אלטער קאָן ניט קומען וואוינען אין קיבוץ — וועט דער קאָלעק־טיוו שיקן שפייז צום זקן אין שטאָט אַריין.

אין שטאָט איז ביטער דער גורל פון די עלטערע אַרבעטער. ניט פאַראַן פאַר זיי קיין פּלאַץ ביים וואַרשטאַט. די הסתדרות איילט זיך אפילו ניט אויפנעמען זיי ווי מיטגלידער!

אויף אָט דעם טונקעלן פאָן שיינט נאָך העלער אויף די חברשע באציאונג פון די סאָציאַליסטישע קיבוצים אויפן דאָרף.

אָ, איך ווייס, אז קיבוץ — דאָס איז ניט גאַנץ ישראל. אז בלויז אַוועלכע זעקס פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג לעבט אין די קי־בוצים.

אָבער אכציק טויזנט אין פרייע, סאָציאַליסטישע קאָלעקטיוון — דאָס איז דאָך אַ ריזיקע צאָל!

און אין אַ פּאָר יאָר ארום וועט דאָך שוין דגניה פייערן פופציק יאָר סאָציאַליסטיש לעבן! וואו נאָך אויף דער וועלט האָט אַזאַ עקס־ספּערימענט אויסגעהאלטן אַ האַלבן יאָרהונדערט — און זיך אַזוי באַרעכטיקט עקאָנאָמיש, מאָראליש, געזעלשאפטלעך?!

דגניה... דער ערשטער שריט אויפן וועג פון סאָציאַליסטישן, קאָלעקטיוויסטישן בוי פון לאנד...

אך לבי שמר טהרך
ושקטך ובדידותך — ואברך
היד תפחתך לנו, דגניה...

מיט פינף און פערציק יאָר צוריק האָבן צען בחורים, צוויי מיידלעך אריבערגעשפאַנט דעם ירדן אין יענעם פארכאפּנדיקן נאטור־ווינקעלע, וואו דער ירדן רייסט זיך ארויס פון די וואַסערן פון ים כנרת און האָבן טאַקע אויפן דאָזיקן פלאַץ — עבר הירדן אין ווערטלעכן זין פון וואָרט! — געלייגט דעם פונדאמענט פון דער קיבוץ־באַוועגונג. אמאָל־אַמאָל, דערציילט דער תלמוד ירושלמי, איז שוין דאָ געווען א יידיש דערפל, כפר ג׳ון און ר׳ תנחום בר חייא איז דאָ געזעסן און גע׳פּסק׳נט דינים. אויפן זעלבן פלאַץ האָבן די ער־שטע חלוצים אויפגעשטעלט זייער איינזאַם ביידל און זיי האָבן דאָס פּוסטע, זומפּיקע אָרט א נאָמען געגעבן דגניה: על שם הפרח הצומח בין תבואות הדגן.

זע איך איצט די גרויסע צווילינג־קבוצה: דגניה א׳ און דגניה ב׳, ברייט פאנאנדערגעוואקסן ביי די בלויע וואסערן פון כנרת, מיט די רייכע פעלדער, וואָס ציען זיך אויף מיילן, מיט אנדערטהאלבן טויזנט איינוואוינער, הונדערטער בנינים, צעוואָרפן איבערן גרויסן שטח, די לאַנגע שורות פּרוכטן־בוימער. און דעם מאָדנעם בחור אזש פון ווייטן וויניפּעג, וועמען איך האָב געטראָפן הענגענדיק אויפן שפּיץ פון א טייטל־בוים. ער האָט אוועקגעוואָרפן זיין קאנאדער או־ניווערסיטעט און איז דאָ געקומען... משדך זיין טייטל־בוימער. גאַנ־צע וואָכן פארברענגט ער אויף די שפּיצן פון די טייטל־בוימער און איז דאָרטן פארנומען מיט די זוימען, די קוויטן... די דגניה׳ס מיט זייערע זשומענדיקע מאָטאָר־ווארשטאטן, די רוישיקע פאבריקן, די גרויסע שולן. די הידראָ־עלעקטרישע סטאַציע, די סאַזשלקע, וואו מען האָדעוועט פיש. דער פיינער א. ד. גאָרדאָן־מוזיי פאר אַגריקולטור. די מאָדערנע צוויי מיליאָן דאָלארדיקע פלאסטיק־פאַבריק „ספן״ אַ פּאָר מייל ווייטער — א שותפות פון די דגניה׳ס, קיבוץ אפיקים, און נאָך דריי קיבוצים — אַ וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציע פון לאַנד, דאָס אייגנטום פון דער אַרבעטערשאַפט. און דער ציכטיקער

„בית בערל״ ביים סאַמע־סאַמע ברעג פון כנרת, וואו קיבוץ־פירער פון גאַנצן לאַנד קומען זיך לערנען, פאָרשן, דיסקוטירן זייערע פּראָבלעמען.

וואָס פאַרא ווייטער וועג — פון די ערשטע צוועלף איינזאַמע, אויסגעלאַכטע, ה.נגעריקע, פון קדחת פיבערנדיקע אָנפאַנגער!

דער וועג פון יענעם נעכטן ביז צום היינט פירט דורך — קברים. פירט מען מיך טאַקע צום קליינעם בית־עלמין, פאַרבאַהאַל־טן צווישן די הויכע פּאַלמע־בוימער. דאָ ליגט דער סאַמע ערשטער קרבן: משה בארסקי, אַ ייִנגל פון אכצן יאָר.

אַז זיין פאָטער אין רוסלאַנד האָט געקראָגן די טרויעריקע בשורה, האָט ער גלייך אַרויסגעשיקט זיין צווייטן זון: „למלא את מקום הבן הראשון שנפל חלל״.

פון יענער צייט איז דער בית עלמין אויסגעוואַקסן. און אָט שטייסטו פאַרן קבר פון אהרן דוד גאָרדאָן: דעם לעוו טאָלסטאָי פון ארץ־ישראל — אין אויסזען, מיט זיין גרויסער, לאַנגער ווייסער באָרד, און אין מאָראַלישער לויטערקייט, אין צויבער־ווירקונג, אויף דער יוגנט. איינער פון די אמתע גייסטיקע שמידן פון ישוב.
האָט ער געשריבן:

„על דגלנו כתוב: העבודה והחרות, ויריעת דגלנו — הארץ!״.
איז עס געוואָרן די לאָזונג פון קיבוץ. און היינט איז עס — פאַקטיש — דער מאָטאָ פון דער גאַנצער פרייער מדינה.
און דאָ איז דער קבר פון ארטור רופין, די מאָדנע קאָמבינאַ־ציע פון גרויסן וויסנשאַפטלער און פּראַקטישן עקאָנאָמיסט, פון שרייבער און פאָרשער און טוער. האָט ער אין זיין צוואה אָנגעזאָגט: מקבר זיין דווקא אין דגניה, אין וועלדל, צווישן די פּאַלמעס, ביי די ערשטע קיבוץ־בויער!

און אָט איז גאָר פון דגניה׳ס גייסט פאַרכאַפּט געוואָרן דער זון פון דורות אסימילירטע דייטשע באַנקירן אָטאָ וואַרבורג. שטייסטו ביי זיין קבר און וואונדערסט זיך: ווי קומט ער צווישן די הונגערי־קע חלוצים פון רוסלאַנד, פון אוקראַינע?

איצט זענען זיי אָבער, די ראשונים, אַרומגערינגלט מיט גע־דיכטע רייען קליינע, ווייסע טעוועלעך: די פרישע קברים פון די

געפאַלענע אין דער לעצטער מלחמה מיט די אראבער. צענדליקער, צענדליקער! קינדער נאָך — זעכצן־יאָריקע, זיבעצן־יאָריקע.

און אַז דו גייסט, מיט פאַמעלעכדיקע טריט, אַוועק פון בית עלמין, אַרויס פון דעם עלטסטן קיבוץ, ועסטו, ניט ווייט פון אַרויס־גאַנג, דעם צעשמעטערטן סירישן טאנק.

דאָ איז דאָך געווען די גרויסע שלאכט. די אראבער זענען דאָך שוין געווען אויפן שטח פון קיבוץ!

ליגט ער, דער אויפגעריסענער טאנק, אויף דער הייסער זון און זשאווערט. לזכרון.

און ווי א סימבאָל: דאָ, אין סאָציאליסטישן קיבוץ, ליגט די קראַפט פון ישוב! דאָ זענען זיינע פאַרטיידיקער! זיינע בויער!

אוודאי וועט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פאַרבלייבן אין די שטעט. און אפשר וועלן מער יונגע מענטשן גיין אין פּריוואַ־טע דערפער אָדער מושבים, ווי אין קיבוץ נצר און דגניה, אין עין חרוד און משמר העמק.

און אויב אין לאַנד פאַרפעסטיקן זיך קאַפּיטאַליסטישע עלעמענ־טן, אויב אין דער מלוכה הערשן די ברוטאַלע געזעצן פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ, פון אויסנוצן און אָפּנארן — האָבן זיך שוין זיכער אָט די אנטי־סאָציאַליסטישע מיאוס׳קייטן אריינגעריסן אין פרידלעכן האַרמאָנישן קיבוץ־לעבן. און דער קיבוץ מוז איצט פירן שווע־רע געראַנגלען, כדי קאָנען איינהאַלטן זיין הויכן גייסטיקן מהות. דער באַשיידענער, כמעט פּרימיטיווער, אָפטמאָל אָרעמער און אַלע־מאָל שווערער הארטער לעבנס־שטייגער אין קיבוץ — אויפן פאָן פון לוקסוס, לייכטע פאַרדינסטלעך, מיט וועלכע די שטאָט לאָקט — שאַפט כסדר שווערע קנאה־פּראָבלעמען.

אָבער אויב — און איך גלויב אין דעם באמונה שלימה! — מדינת ישראל קאָן געבויט ווערן נ אָ ר מיט דער סאָציאַליסטי־שער אַרבעטערשאַפט בראש פון לאַנד — וועט אין אָט דער אַרבע־טערשאַפט, אין סאַמע מיטן, ווי איר סאָלידסטער קערן, שטיין די אויסגעפּרוואוטע לאַבאָראַטאָריע פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט און סאָציאַליסטישן לעבן: דער קיבוץ.

ווינטש איך אייך, חבר בערקאָוויטש, אַז שוין גאָר אין גיכן זאָל אייער איצטיקע בוי־אַרבעט געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג, אַז

עס זאָלן זיך אין אייער צענטראַלער שניידער־פאַבריק באַלד צעזשו־
מען די ניי־מאַשינען און אַז עס זאָל פון אייער קיבוץ באַקליידט ווערן
יעדער געטרייער בויער, יעדער אַקערער, יעדע זינגענדיקע פּאַס־
טושקע אויפן פעלד — פון כפר גלעדי ביז אילת!

און אַז מ׳וועט פאַרטיק ווערן מיט דער צענטראַלער שניידער־
פאַבריק — קומט דאָך שוין די ריי אויף דעם נייעם גרויסן פּלאַן פון
קיבוץ נצר: אָראָפּרייסן ביז צום גרונט די אַלטע, מרה־שחורה׳דיקע
מויערן פון די דייטשע מאָנאַכן און אויף זייער אָרט אויפבויען —
אַ גרויסן, ווייסן, זוניקן קינדער־דאָרף. פאַר דער עלית הנוער.

און דאָ, וואו נאַצישע קאָנספּיראַציע האָט געשאַרפט די ציין
קעגן די רעשטלעך פון יידישן פאָלק — וועלן די על פּי נס ניצול
געוואָרענע בוכענוואַלדער און מיידאַנקער אויפבויען אַ צענטער,
פון וואַנען עס וועט זיך טראָגן לויטערער יידישער קינדער־געלעכ־
טער —

צו אַלע עקן וועלט.

זע איך איצט אין מיין דמיון אייך, חבר אברהם, דעם געוועז־
זענעם שילער פון אונזער פאַרברענטער יידיש־וועלטלעכער משה׳ל
גלויבערמאַן־שול אין פּינסק, אַרומגערינגלט מיט יונגע מענטשן,
מיט דעם יונגוואַלד פון קינדער, פאַרטאָן אין איין גרויסער יידיש
סאָציאַליסטישער זאַך:

— בויען! בויען!

זייט מצליח!

שלמה
„אליאנס"־פאַבריק
חדרה

*

טייערער שלמה:

אַז איך האָב געקראָגן דיין בריוו פון פאַקיסטאַן, האָב איך זיך זייער געוואונדערט. ווי לאַנג איז עס דען, ווי דו האָסט מיך מיט שטאָלץ ארומגעפירט איבער „דיין" פאַבריק אין חדרה, די מיליאָן־דאָלאַרדיקע פאַבריק „אליאנס" פון גומענע אויטאָ־רעדער, וועלכע דו האָסט געהאָלפן אויפבויען, איבער וועמענס מאשינען דו וואכסט אַזוי געטריי? איך געדענק נאָך ווי מיר זענען געגאַנגען פון מאשין צו מאשין און דו האָסט מיר אויפגעקלערט דעם לאַנגן פראָצעס, וואָס פאַרוואַנדלט ביסלעכוויז די רויע גומע פון מאלאיא אין גלענצנדע אויטאָ־רעדער. עס איז ניט געווען קיין טעכנישע אויפקלערונג. ווי אַ פארליבטער פאַרכליניעט זיך מיט די מעלות פון זיין אויסדערוויילטער, אַזוי האָסטו גערעדט מיט התפּעלות וועגן יעדער מאשין, ממש וועגן יעדן שרייפעלע, און וועגן יעדן ארבעטער, וואָס איז, אַ פאַרשוויצטער, געשטאַנען ביי דעם אַרבעט־פּלאַץ און אויסגעפירט זיין חלק אין פּראָדוקציע־פּראָצעס...

יאָ, די פאבריק האָט געאַרבעט! די אַמעריקאנער עקספערטן האָבן ניט געגלויבט, אַז אַ בחור, וואָס פארמאָגט בלויז א דיפּלאָם פון חיפה׳ער טעכניקום און וואָס האָט קוים א קנאפּן יאָר פאַרבראַכט אויף דער לער אין א גומי־פאבריק אין דייטאָן, אָהייאָ — אַז ער וועט טאַקע קאָנען לאָזן אַזאַ קאָמפּליצירטע פאבריק אין גאַנג, אַז ער וועט זי קאָנען אָפּהיטן — און טאַקע אויסברייטערן.

נו, האָבן זיי א טעות געהאט! די הסתדרות־פאבריק, געבויט

פון יידישע ארבעטער, האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א גלענצנדן דער־פאָלג. עס פאָרן די אויטאָס אויף די שאָסייען פון ישראל — אויף אייגענע רעדער. הסתדרותישע אויטאָ־רעדער פירן די געפּאנצערטע אויטאָס פון „צבא". פון די קיבוצים פאָרן ארויס טראקטאָרן אין פעלד, פירט מען גרינס און תבואה אין שטאָט — „דיינע" רעדער, שלמה, דרייען זיך אויף אַלע דאָרפישע וועגן, אויף אלע שאָסייען פון לאַנד!

אוודאי גייט ניט אַלץ צו גלאַטיק. און וואָס גרעסער דער דער־פאָלג — אַלץ גרעסער די פּראָבלעמען. די גאַנצע הסתדרותישע פאבריק־פּראָדוקציע איז דאָך איין גרויסער פּראָבלעם! וואָס הייסט דאָס, אַז די „חברת עובדים" נעמט און בראָקט אַריין א מיליאָן פונט אַרבעטער־געלט און ווערט א שותף צו א קאַפּיטאַליסטישער פאַב־ריק? איז עס דערלאָזבאַר, אַז אן ארבעטער־אָרגאַניזאַציע זאָל שלי־סן יד־אחת מיט אַמעריקאַנער מיליאָנערן און עפענען אַ פאַבריק, וואו די אַרבעטער מוזן דאָך אַרבעטן, ווי אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען — כדי דער אריינגעלייגטער קאַפּיטאַל זאָל אריינ־ברענגען פּראָפיטן? און פּראָפיטן, אין אַ בורזשואזער געזעלשאַפט, מאַכט מען דאָך אויפן חשבון פון אַרבעטער־שוויס, פון עקספּלו־אַטאַציע!

די ווייטערדיקע פראַגע: ווער פאַרטרעט דאָ די הסתדרות? די אַרבעטער אָדער — די אַמעריקאַנער שותפים? אין פאַל פון אַ סכסוך — אויף וועמענס זייט שטייט דאָן די הסתדרות?

האָט מען אין אייער פאַבריק אויפגעבויט אַ פּרעכטיקע קיך און אַ „חדר אכל" פאַר די אַרבעטער. זייער שיין. אָבער פאַר די די־רעקטאָרן, די אינזשיניערן און פאַרוואַלטער איז פאַראַן — אַ באַ־זונדער עס־צימער!

לאָזט עס איבער אַ מאָדנעם געפיל. אמת, די דירעקטאָרן האַלטן אָפּ וויכטיקע קאָנפערענצן ביי דעם געמיינזאַמען עסן און זיי ווילן ניט, אַז מען זאָל זיי שטערן. אָבער... אין קיבוץ איז עס ניט אַזוי! דאָרטן קומען אויך פאַר וויכטיקע זיצונגען בעתן מיטאָג־עסן. אָבער דאָרט זיצט דער מנהל מיטן שווארצן ארבעטער ביים זעלבן פּראָסטן טיש און עסט די זעלבע פּראָסטע שפּייז.

אַלע זענט איר מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, פון דער זעלבער הסתדרות — אָבער דאָך צוויי קלאַסן!

איך שטעל די פראַגע ניט ווייל איך האָב אַ פאַרטיקן ענטפער. אָבער פּראָבלעמען זענען עס! געפערלעכע טענדענצן צייכע־נען זיך בלי שום ספק אָן.

באזונדערס — ווייל די הסתדרות־אינדוסטריע שפּילט דאָך אַזאַ גרויסע ראָלע אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. גאַנצע 23 טויזנט ארבעטער זענען דאָך באַשעפטיקט אין אונטערנעמונגען, איבער וועלכע די הסתדרות איז דער באַלעבאָס אָדער לכל הפחות א גלייכער מיט־שותף!

איז אָט האָב איך געלייענט אין דעם באַריכט פון דעם גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות — און במילא דעם הויפּט־פאַרוואַלטער איבער אַלע הסתדרות־פאַבריקן — פאָלגנדע אָפּנ־האַרציקע אָבער ביטערע שורות:

„מיט קליינע אויסנאַמען שיידן זיך די אָרגאַניזאַציאָ־נעלע, סאָציאַלע און ספּעציעל די פסיכאָלאָגישע באַצי־אונגען צווישן אַרבעטער און דער פאַרוואַלטונג אין די הסתדרות־פאַבריקן ווייניק אונטער פון אָנשטענדיקע פּריוואַטע אונטערנעמונגען".

אויב אַזוי זעט עס דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „הסתד־רות" — טאָ ווי אַזוי זאָל שוין וועגן דעם פילן דער אַרבעטער אין דער פאַבריק גופא?!

איז פאַר אים עפּעס אַ חילוק, וואָס די פּראָפיטן גייען ניט אין פּריוואַטע קעשענעס? האָט ער עפּעס דערפון?

פּילט ער, אַז ער איז אַ שטיקל באַלעבאָס אין דער פאַבריק, וואו ער אַרבעט? אָדער פאַרקערט, עס איז גערעכט די טענה, וועל־כע איך האָב געהערט פון אַן אַרבעטער, וואָס איז באַשעפטיקט אין אַ הסתדרות־אונטערנעמונג:

— איך וויל בעסער אַרבעטן ביי אַ פּריוואַטן באַלעבאָס, ווי ביי דער הסתדרות. קעגן באַלעבאָס קאָן איך כאָטש אויפעפענען א מויל. איך לאָז זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע און אַז עס ווערט ביטער אויפן האַרצן — קאָן איך אים טאַקע אַריינזאָגן ווי ס'באַדאַרף זיין. איך האָב ניט קיין מורא. איך מעג טאַקע ניט זיין אין גאַנצן צופרידן

מיט מיין פאראיין — אָבער איך ווייס, אַז דער פאראיין וועט זיך אָנ־נעמען פאַר מיר.

ווער וועט מיך אָבער פארטיידיקן אויב איך וועל וואגן קריטי־קירן דעם הסתדרות־דירעקטאָר? ווער וועט מיך באַשיצן?

קעגן א באַלעבאָס קאָן איך שטרייקן — צי קאָן מען אָבער שטרייקן קעגן דער הסתדרות־פאַרוואַלטונג? מען וועט דאָך מיך גלייך פארשרייען אלס מלוכה־שעדיקער!

אין דעם, אין אַזאַ באַציאונג ליגט דאָך די גרעסטע געפאַר פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, פאַר דער גאַנצער מלוכה! ווארעם אויב די אַרבעטער זאָלן, חלילה, פארלירן זייער צוטרוי צו דער הסתדרות — דאַן ווערט דאָך אונטערגעגראָבן דער עצם־יסוד פון בוי פון לאַנד!

איך ווייס, אַז דיך מאַטערן אַט די פראַגעס — ווי זיי מאַטערן די סאַמע אָנפירער, די עקאָנאָמיסטן פון דער הסתדרות. עס זענען שווערע פּראָבלעמען און קיין שום אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָך, דוכט מיר, ניט באַוויזן זיי צו לייזן, צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער. אַמוויינקסטן איז וועגן דעם באַרעכטיקט צו רעדן אַ טוריסט פון אַמעריקע — דאָס לאַנד, וואו פּריוואַט־אייגנטום, קאַפּיטאַל איז דער אָפּגאָט, וואו „פּריוואַטע איניציאַטיוו" — קאַמף פון יחיד קעגן יחיד, מ י ט ציין און נעגל, ביז בלוט — איז דער העכסטער אידע־אַל. וואו די אַרבעטערשאַפט ווייסט נאָך אַפילו ניט, אַז זי וואָלט געקענט בויען אַליין, זיין אַליין דער באַלעבאָס, אַז עס קאָן גאָר זיין אַ ווירטשאַפט אָן עקספּלואַטאַציע, געבויט אויף שותפות׳דיקער אָנ־שטרענגונג און אחריות, צום דינסט פון קאָלעקטיוו. וואו אפילו אונזערע סאַמע פאַרגעשריטנסטע יידישע יוניאָנס טרייסלען זיך אָפּ פון געדאַנק וועגן גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע פאבריק (אַפילו ווען די באַלעבאַטים ווילן אָפּן אויסהונגערן זייערע אַרבעטער), ווייל:

— עס וועט ניט אַרבעטן! עס וועט באַנקראָטירן!

— דער אַרבעטער איז נאָך ניט רייף צו אַרבעטן אַליין, פאַר זיך, אָן דער בייטש פון באַלעבאָס!

און אָט זעסטו איין פאַבריק נאָך דער אַנדערער, קלענערע, גרעסערע און טאַקע היפּשלעך גרויסע, קאָמפּליצירטע, מאָדערנע, הויך־טעכנישע אונטערנעמונגען — פאַבריקן פון צעמענט און פון

פלאסטיק, פון פאַפיר און פון גומי, פאַבריקן וואָס פּראָדוצירן פאַר צענדליקער מיליאָנען פונטן — אַלץ הסתדרות־אייגנטום. אָן אַ פּריוואַטן באַלעבאָס.

און זע — עס אַרבעט! עס אַרבעט דווקא גוט!

וואַקסט אין דיר צוריק דער גלויבן אין אויסגעהוזקטן, אויסגעלאַכטן, „באַנקראָטירטן" סאָציאַליזם:

— עס אַרבעט!

איז ווען איך האָב דיך געזען צווישן די אַרבעטער פון דער פאַבריק, די גוטברודערישקייט צווישן דיר, דעם הויפּט־אינזשיניער און די אַרבעטער, צווישן זיי פיל כמעט אַנאַלפאַבעטן, יונגע ספרדים, היציקע מאַראָקאַנער, יידן פון רומעניע און בולגאַריע, — איז אין מיר אויפגעגאַנגען די האָפענונג, אַז די שווערע פּראָבלעמען וועלן סוף כל סוף געלייזט ווערן, אין הסכם מיט אייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען, כדי די אַרבעטער זאָלן פאַקטיש זיין די באַלעבאַטים פון זייער פאַבריק און די געניסערס פון זייער האָרעוואַניע.

און אויך אויף דעם „פּראָנט" וועט מען דאַן קאָנען זאָגן:

— עס אַרבעט!

...און איצט, אין מיטן דעריבער, גאָר אַ בריוו פון דיר פון פּאַקיסטאַן. וואָס טוסטו, שלמה, אין אָט די ווייטע מרחקים?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס פליסטו איבער פּאַקיסטאַן פון ראַנגון, די הויפּט־שטאָט פון ב ו ר מ א. אין בורמא איז דאָ אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג. זי וויל אַנטוויקלען דאָס אָפּגעשטאַנענע לאַנד. זי וויל אָבער ניט אַראָפּברענגען אַ באַנדע אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, עקספּלואַטאַטאָרן. זי וויל ניט פאַרקויפן אירע אַרבעטער צו אַ כאַפּטע פרעמדע באַנקירן.

זוכט זי צו בויען אייגענע, קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן, מיט אייגענעם קאַפּיטאַל און אייגענע אינזשיניערן.

גייט מען קוקן ווי אַ צווייט אָרעם לאַנד בויט אַרבעטער־פאַבריקן. קומען אַראָפּ יונגע אינזשיניערן פון בורמא קיין מדינת ישראל. זיי ווילן זען די הסתדרות־פאַבריקן. פאַרכאַפּט זיי דער ריטמישער געררויש פון די מאַשינען אין „אַליאַנס", ביי חדרה.

באַשטימט מען אין ראַנגון:

— מיר מוזן אויך האָבן אַזאַ פאַבריק! פון אונז צו די מאַלאַ־יער גומי־פלאַנטאַציעס איז דאָך אַזוי נאָענט!

שרייבט מען צו די סאָציאַליסטישע חברים אין תל־אביב:

— העלפט אונז, ברידער! שיקט אונז אייערע עקספערטן!

זאָגט די הסתדרות:

— שלמה, פאַק איין די וואַליזע און פאָר!

שרייסטו געוואלד:

— ווי לאָזט מען דאָס איבער אַ פאַבריק אויף הפקר?! אָט האַלט מען דאָך ביים פאַרגרעסערן אונזער פאַבריק! מען גייט דאָך אַריינשטעלן נייע מאשינען! דאַרף מען מיך דאָך האָבן אין חדרה! העלפן ניט קיין געשרייען. מען ענטפערט:

— עס וועט דיר גאָרניט העלפן. די רעגירונג איז פאַראינטע־רעסירט אין גוטע באַציאונגען מיט בורמאַ. עס איז דאָך די איינציקע סאָציאַליסטישע רעגירונג אין גאַנץ אַזיע. צווישן טויזנטער מיילן פון פינצטערניש — אַ העלער פונקט. דאָרט זיצט דער סאָציאַליס־טישער אינטערנאַציאָנאַל פון אַזיע. מיר זענען דאָרט מיטגלידער. בקיצור: פאָר!

שרייבסטו מיר איצט, אַז אין בורמאַ האָט מען אוודאי ניט גע־גלויבט, אַז די ישראל־בחורים וועלן עפּעס אויפטאָן. אַמעריקאַנער און ענגלישע אינזשעניערן האָבן אייך דאָרטן באַגעגנט מיט אומצו־טרוי. אָפּטמאָל — מיט קוים־באַהאַלטענעם חוזק.

נו, האָט איר באַוויזן וואָס ענטוזיאַזם, געמישט מיט פאַכמענע־רישקייט און איניציאַטיוו, קאָנען באַווייזן!

און אַז דו פּליסט איצט, אַ צופרידענער, אַ שטאָלצער, צוריק אַהיים, צוריק צו דיין פלונית׳טע גיטל מיט די צוויי יונגאַטשעס אין קרית חיים, צוריק צום גערויש פון דיינע אייגענע מאשינען אין חדרה — קאָנסטו זיך ניט איינהאַלטן און שיקסט מיר פון פּאַקיס־טאַנער הימל אַראָפּ אַ באַריכט: זאָל דיין קרוב אין אַמעריקע וויסן, וואָס יידישע סאָציאַליסטישע בויער קאָנען באַווייזן!

דאַנק איך דיר פאַר דיין בריוו פון וויטן פּאַקיסטאַן.

איך טראַכט וועגן דעם מאָדנעם גורל פון אַ ביאַליסטאָקער בחור.

דער טאַטע — אַ שניידער. פון דער מאַמעס צד — פרומקייט, למדנות, אַ ביסל משכילישקייט, לשון קודש. דער עלטסטער זון איז נאָך אַוועק אויף רבנישע וועגן. געקראָגן סמיכות. געוואָרן א רב אין סוכאָוואָליע. אָבער די יינגערע קינדער האָט שוין געצויגן קיין ארץ־ישראל. איז פריער אַוועקגעפאָרן א שוועסטער, דערנאָך צוויי ברידער, געאַרבעט, געמאַטערט זיך. צוויי האָבן ניט אויסגעהאלטן — צוריקגעפאָרן.

ביז דו, דער מוזיניק, האָסט זיך א הויב געטאָן פון דער באַנק פון דער ביאליסטאָקער העברעאישער גימנאַזיע און ביסט אַוועק שטודירן קיין חיפה, אין טעכניקום, און דערנאָך געהאָלפן בויען, איינע נאָך די אַנדערע, די פעסטונגען פון דער אַרבעטער־אינדוס־טריע אין ארץ־ישראל.

און איצט ביסטו גאָר געפלויגן לערנען די בורמאַנער, ווי אזוי מען קאָן זייער אור־אַלטע ציוויליזאַציע א לאָז טאָן פאָרויס אויף מאָדערנע אויטאָ־רעדער.

און דרייען זאָלן זיי זיך — צום סאָציאַליזם!

איך טראַכט אויך, אז דאָס וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט און געקאָנט זיין די מיסיע פון ישראל אין מזרח — די טרעגער פון קול־טור און ציוויליזאַציע, ווי בשורה־אַנזאָגער פון סאָציאַליסטישן מאָרגן אין אָט דער פארגליווערטער וועלט. און אז אויב דאָס וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט דאָך אַלץ געווען אַנדערש אויך אין מדינת ישראל!

אויב...

נאָר דאָס מיינט שוין שרייבן וועגן וועלט־פּאָליטיק. איך וועל דאָס ניט טאָן. אַנשטאָט דעם וועל איך פאַרענדיקן דעם בריוו מיט אַן אַנדער דערמאָנונג. איך וועל דערמאָנען דיין טאַטן, דעם ביאליס־טאָקער האָרעפּאַשניק, דעם חיט פון באַזאַרנע גאַס, מיין עלטער־פעטער עלע, וואָס האָט „געהאַט מזל" און איז געשטאָרבן צוויי יאָר פריער איידער היטלער האָט אומגעבראַכט די גאַנצע עדה קדושה ביאליסטאָקער יידן.

האָט ער, דער פעטער עלע, אין זיין פאַנטאַזיע ווען ניט איז אויסגעחלומט, אז  ז י י ן  ז ו ן  שלמה וועט עס זיין דער, וועמען

דער ישוב אין ישראל וועט אויסוויילן אלס זיין שליח, אלס פאָר־שטייער פון ישראל'ס ציוויליזאַציע און טעכניק? און וואו? אין בורמאַ, אַ לאַנד פון וועלכן דער פעטער עלע האָט קיין מאָל ניט געהערט?...

מאָדנע זענען די וועגן פון יידישע גורלות: פון ביאַליסטאָקער שטאָט־מארק ביז צו די דזשונגלס פון בורמא!...

שלום, שלמה! שלום וברכה — א ברכה צו דיין אַרבעט, צו דיינע בויערישע פלי־וועגן!

ישראל מרום־מערעמינסקי
בית ההסתדרות
תל־אביב

*

חשובער חבר י. מערעמינסקי:

אייערע חברים האָבן מיר צוגעשיקט דעם „דבר״, וואו עס איז געווען געענוי באַשריבן די פאַרזאַמלונג פאַר טוריסטן אין דעם הויז פון הסתדרות און אייער גרויסע רעדע קעגן בונדיזם, וואָס איך האָב ארויסגערופן מיט אַ פאַר פראגעס, וועלכע איך האָב אייך דאן גע־שטעלט.

וואָס עס האָט מיך באַזונדערס אינטערעסירט אין דעם באַריכט פון „דבר״ איז — ווי דער שרייבער האָט ריכטיק אויפגעכאַפּט די ענדערונג, וואָס איז פאַרגעקומען אין א י י ך ג ו פ א, ווען איר האָט זיך א נעם געטאָן צו מיר, האָט אויף ס׳ניי ברייט אויפ־געהויבן די דיסקוסיע צווישן ציוניזם און בונדיזם.

וואו איז אהינגעקומען מרום מיט די זילבערנע האָר, דער וועטע־ראַן פון דער באַוועגונג? פאַר אונז איז געשטאַנען ישראל מערעמינ־סקי פון אַמאָל־אַמאָל, אַ יונגער פועלי ציון מיט בלאָנדע האָר, מיט ברענענדיקע אויגן, מיט אַ פלאַמיקן רעדנער־טעמפעראַמענט. ער האָט פארגעסן, אז ער רעדט איצט פאר כמעט בלויז ציוניסטן אין פראכטפולן רייך־באַלויכטענעם זאַל פון דער הסתדרות אויף אַרלאָ־זאראָוו־גאס אין תל־אביב. ער האָט זיך איבערגעטראָגן אין דער היים פון זיין יוגנט, דאָס פירט ער ווידער די דעבאטע מיט בונ־דיסטן פון א דור צוריק, מיט דעם דור פון מיין פאָטער. דאָס שטייט ער גאָר אין מיין היים־שטאָט ביאַליסטאָק, צווישן יידישע וועבער און שניידער, צווישן דער וואונדערבאַרער יידישער פאָלקס־אינטע־ליגענץ, און פירט דעם היסטאָרישן געפעכט פאַר די הערצער און מוחות פון יונגן דור.

פאַרוואָס שרייב איך וועגן דעם צו אייך ?

ווייל איך האָב אין די שמועסן מיט די יונגע ישראלים מיט ווייטיק באמערקט, אַז מען דערציט זיי אין א לחלוטין פאלשן באַגריף וועגן אונזער פאַרשניטענעם ידישן לעבן אין אייראָפּע. דאָרטן, מיינען זיי, איז אלץ געווען — שוואַרץ. נאכט. טרויער. זומפּ. גייסטיקע סטאַגנאַציע. מאָראלישע צעפוילונג. הכנעה און קנעכטשאַפט.

זאָגט־זשע זיי, חבר מערעמינסקי, אַז דאָס איז — אַ ליגן ! זאָגט זיי, אַז צרות האָבן טאָקע ניט געפעלט — אָבער אַז אין דער אַרומרינגלענדיקער נאַכט האָט אונזער יידיש לעבן געלויכטן מיט זיבן זונען !

איר, חבר מערעמינסקי, זענט ניט צווישן די אָפיציעלע וואָרטזאָגער פון דער הסתדרות אין דער רעגירונג פון לאנד, צווישן די פירער פון דער מפא״י־פראַקציע אין דער כנסת ; נישט צווישן די, וואָס באַשטימען איצט די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער הסתדרות, פירן אָן מיט די פאַראיינען, באַלעבאַטעווען מיט די גרויסע מיליאָן־פונטיקע הסתדרות־פאַבריקן. ווער נאָך, אזוי ווי איר, איז דעריבער באַרופן, קאָן זיך אַזוי ווידמען אָט דער וויכטיקער ד ע ר צ י ע ר י ש ע ר ארבעט ?

דערציילט אייערע יונגע חברים וועגן אייערע אמאָליקע דעבאַטעס מיט בונדיסטן אין ביאליסטאָק און לאָדזש, אין פּרוזשענע און פּיעטריקאָוו ! וועגן די אוצרות פון טיפן גלויבן, וועלכע אייערע צוהערער, פריינט און קעגנער — אַלץ איינס, פלעגן מיטברענגען אויף אָט די פאַרזאַמלונגען.

זאָלן זיי פון אייער אייגן מויל הערן וועגן דער גייסטיקער דערהויבנקייט פון אונזער אומגעבראכטן יונגן דור !

אדרבא, אייער יוגנט, וואָס ווייכט איצט אַזוי פון אַלע ערנסטע פּאָליטישע אסיפות, וואָס חוזק׳ט אזוי פון פארטיי־פּראָגראַמען, פּריבציפּן, אידייען — זי קאָן עפּעס לערנען פון די קרישטאָל־ריינע כוונות אין די דאָזיקע אומפארגעסלעכע געפעכטן פון אונזער פארברענטן נעכטן ! און זאָלן זיי אויך וויסן, אז פון אָט די וויכוחים ביזן העלן פארטאָג איז געבוירן געוואָרן מסירת נפש. דער פּיאָנערן־פארמעסט

פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, די העלדישקייט פון זעלבסט־שוץ, דער הערױאיזם פון די ערשטע חלוצים.

און ק ד ו ש ה. די קדושה, וואָס איז אין אונזער דור צווייטמאָל אַרויף צו די העכסטע הימלען: אין די געטאָס פון וואַרשע און ביאַליסטאָק — און אין די מלחמות אויף די בערג פון יהודה, אין גליל און אין נגב.

זאָגט עס זיי, חבר מערעמינסקי!

...די איין־שעהדיקע „מלחמה" מיטן בונדישן טוריסט האָט אייך, שרייבט דער צייטונג־רעפּאָרטער, יינגער געמאַכט".

ניט נאָר אייך אליין, חבר מערעמינסקי! די איבער פופציק־יאָריקע „מלחמה" צווישן ציוניזם און בונדיזם האָט יינגער געמאַכט דאָס גאַנצע פאָלק. זי האָט פאַנאַנדערגעגראָבן די שוואַרץ־ערד פון יידישן פאָלקס־לעבן. זי האָט אויפגעוועקט געוואַלטיקע נאַציאָנאַלע כוחות. זי האָט אין א גרויסער מאָס גורם געווען דעם וואונדערבארן אויפקום פון אונזער מאָדערנער יידישער קולטור — אויף יידיש און אויף העברעאיש.

איך פיל, אַז טיף אין האַרצן בענקט איר נאָך אָט דער גרויסער היסטאָרישער, טראַגיש־איבערגעריסענער דעבאַטע פון אונזער פאָלק. איר ווייטיקט, פונקט אַזוי ווי מיר ווייטיקן, וואָס היטלער ימח שמו האָט אויף א בלוטיקן אופן פארשטומט דעם וויכוח — און האָט פארניכטעט דעם רוב מנין פון די בעלי־וויכוח, די בונדיסטן און ציוניסטן, אַלץ איינס.

אָבער ווי אַ לאַנג־יאָריקער דערפאַרענער פּאָליטישער טוער ווייסט איר דאָך, אַז אַ היסטאָרישער נאַציאָנאַלער שטרייט ווערט ניט אָפּגעשטעלט ווען די האַק פאַרניכטעט כמעט אַלע „דעבאַטאַנטן" פון איין צד און על פּי נס ווערן ניצול מער אָנהענגער פון צווייטן לאַגער. איר ווייסט, אַז די גרויסע דעבאַטע וועגן „גלות" און מדינת ישראל האָט ניט אויפגעהערט, אַז דער געפעכט צווישן די צוויי וועגן פון יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק דויערט און וועט נאָך דויערן!

לאָמיר האָפן, אַז פון אָט דעם שטרייט וועלן, ווי ביז איצט, אויס־געשמידט ווערן נייע גרויסע אוצרות פאַר אונזער פאָלק.

דערווייל אָבער האָט מען דאָן, אין בית־הסתדרות, „גע־שמועסט" וועגן טאָג־טעגלעכע ענינים פון לעבן פון יידישע אַר־בעטס־מענטשן אין מדינת ישראל, זייערע האָפענונגען און אנטוי־שונגען, זייערע שאלות און טענות, דעם גייסט, אין וועלכן זיי אליין ווערן דערצויגן און אין וועלכן זיי דערציען זייערע קינדער.

אָבער פון אָט די אַלע, באַזונדערע, אַקטועלע פראגעס שיילט זיך אויס דאָס גרונט־פּראָבלעם:

די באַדייטונג, די ראָל, די צוקונפט פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג אין מדינת ישראל.

און דאָס הייסט דאָך — פון דער „ה ס ת ד ר ו ת".

איר, אייערע חברים פון „תיור וטיול", דער ספּעציעלער אָפּטיילונג אויף צו באַדינען אויסלענדישע טוריסטן, האָבן — פאַרשטייט זיך — קודם כל געוואָלט אונז באקענען מיט דער גרויס, דעם פאַרנעם פון דער „הסתדרות".

דאָס איז זיי ניט שווער אָנגעקומען — אין אַ לאַנד, וואו די פאראיינס־מיטגלידער צוזאַמען מיט זייערע משפחות באטרעפן כמעט א ה ע ל פ ט פון דער באַפעלקערונג, וואו ז י ב ע־צ י ק פּראָצענט פון אלע אַרבעטער געהערן צום פאראיין!

וואו מען זאָל ניט פאָרן איבערן לאַנד — אומעטום זעט מען די הסתדרות־פּאָזיציעס.

אין דאָרף — די קיבוצים, די מושבי שותפי. הונדערט צוואַנ־ציק טויזנט נפשות. די גרויסע דאָרפישע קאָאָפּעראַטיוון מיט דער „תנובה" בראש.

אויף די וועגן, די שאָסייען — דער טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַ־טיוו — „אגד־אשד".

די אומאויפהערלעכע בוי־ארבעט — פון „סולל בונה", פון „שיכון".

אין די שטעט — די גרויסע הסתדרותישע פאבריקן.

באר שבע, די שטאָט, וואָס איז געבויט געוואָרן כמעט אין גאַנצן פון דער הסתדרות. מיט א פּאָר יאָר צוריק איז דאָ געווען א וויסט דערפל. האָט מען זיך געבעטן ביי די גבירים, די קאַפּי־טאַליסטן פון ישראל:

— גייט בויט־אויף באר שבע!

האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט. פאַרגראָבן דאָס געלט אין נגב־זאמדן ווען מען קאָן אזוי שנעל רייך ווערן אויף דער שווארצער בער־זע, אויף רחוב אלענבי? ווען דאָס געלט וואַקסט אַזוי שנעל אײ־בערגייענדיק פון האַנט צו האַנט ביי אַ טישל אין קאַפע אויף בן־יהודה, אויף אַ באַנק אין ראָטשילד־בולוואַר? ווען מען קאָן אַזוי שנעל נתעשר ווערן דורך לינקע געשעפטן, קרומע אימפּאָרט־עקס־ספּאָרט ביזנעס, דורך וואַלוטע־שפּעקולאציע, אויף דעם שווארצן מאַרק?

בלית ברירה איז הסתדרות אוועק בויען באר שבע — דעם טויער צום נגב.

און היינט — קיין עין הרע! — אַ גאַנצע שטאָט! עטלעכע צענדליק טויזנט איינוואוינער. עס קאָכט און עס זידט. ניט היי־זער — גאַסן גאַנצע קומען צו איבער נאַכט!

און כמעט אַלץ געהערט דאָ צו דער אַרבעטערשאַפט.

אויף לאַנדווירטשאַפט, קאָאָפּעראַציע, בוי, אינדוסטריע בין איך, לא עליכם, גאָר קיין מבין ניט. אַ ביסל קען איך זיך אויף מעדיצינישע הילף, געזונט־פאַרזאָרגונג. האָט מיך דעריבער ספּע־ציעל אינטערעסירט ק ו פ ת ח ו ל י ם.

בין איך געגאַנגען פון איין שפּיטאָל צום צווייטן. איך האָב באוואונדערט די רחבות׳דיקע צעשפּרייטקייט פון נייעם קאַפּלאַן־שפּיטאָל, דעם גרויסן פאַרמעסט פון ביילינסאָן־שפּיטאָל — וואָס אָט־אָט וועט פאַרטיק ווערן דער נייער בנין, וואָס וועט פאַרוואַנד־לען „ביילינסאָן" אין דעם מאָדערנסטן שפּיטאָל פון גאַנצן נאָענטן מזרח. שפּיגלען זיך אין זייער ווייסער ריינקייט די ווענט פון בית יולדות אין כפר סבא. גיט דיר אַ צופּ ביים האַרצן, ווען דו גייסט דורך די צימערן פון בית לעוונשטיין. דעם שפּיטאָל פאַר טובער־קולאָז־קראַנקע. טרייסטו זיך אָבער:

— אַ בעסערער, אַ שענערער שפּיטאָל קאָן קוים געמאָלט זיין!

צווישן אַזאַ פאַרשיכורנדיקן דופט פון בלומען. מיט אַזאַ זאָרג און ליבע!...

זעסט דעם פּראַכטפולן אָפּרו־הויז פאַר די אַרבעטער, דעם בית הבראה „אזרא" אויפן וועג קיין ירושלים. און דערנאָך, פאַרנ־

דיק קיין טבריה, פאַרסטו אריין אין דעם סאַמע נייסטן, באמת באַ־צויבערנדיקן בית הבראה „דוד רמז״ — זעסט די צופרידנקייט פון די אַרבעטער, וואָס קומען דאָרט צוריק צו די כוחות, זאַמלען אָן קראַפט אויף אַ יאָר שווערע האָרעוואַניע.

קומסט אַריין אין דער גרויסער געביידע פון דער צענטראַלער קליניק אויף רחוב פרישמאַן אין תל־אביב. וואָס פאַר אַ באַוועגונג! וואָס פאַר אַ פיבערהאַפטע אַרבעט!

די זויגלינג־סטאַציעס. די צענדליקער קליניקעס אין די קיבו־צים, דער קופת־חולים־צימער אין דעם אָרעמען אָפּגעשטאַנענעם פּערסישן דערפל אין נגב; אין האַרץ פון דער אָרעמקייט — אין כפר שלם.

אָבער קודם כל: די אַמבולאַטאָריעס פון קופת חולים אין מיטן פון די מעברות!

זאָגסטו זיך:

— ווי געבענטשט איז דאָס לאַנד, וואָס איר אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט די דרייסטקייט, די ווייט־זעעוודיקייט, דעם גרויסן פאַר־מעסט און האָט אויפגעבויט אַזאַ גלענצנדן מאָדערנעם געזונטהייט־סיסטעם — אין גאַנצן איר אייגענעם!

וואָס פאַר אַן אומגליק וואָלט געקומען אויפן לאַנד, ווען די נייע איינוואַנדערער האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין די הונדערטער טויזנטער, ווען די מעברות זענען פול געוואָרן! דאָס לאַנד וואָלט דאָך פאַרפלייצט געוואָרן מיט מגפות, וואָלט פאַרקרעציקט, פאַר־טראַכאָמעוועט געוואָרן!

אָך און ווי וואָלט געווען צו די קראַנקע, צו די שוואַכע — ווען מען וואָלט זיך געדאַרפט דאַן פאַרלאָזן בלויז אויף דער „פּריוואַטער איניציאַטיוו״ פון די דאָקטוירים, אויף פּריוואַטע און פילאַנטראָפּי־שע שפּיטאָלן!

איז אָבער געקומען קופת חולים — האָט ברייט געעפנט אירע אַנשטאַלטן פאַר די ניי־געקומענע. דריי הונדערט אַכ־ציק אַמבולאַטאָריעס האָט קופת חולים געעפנט אין די מעברות!

און די עפּידעמיע־געפאַר איז פאַריאָגט געוואָרן. טויזנטער,

צענדליקער טויזנטער זענען אויסגעהיילט געוואָרן, זענען געראַטע־
וועט געוואָרן פון פאַרקריפּלונג און אפשר פון טויט.
וואַקסט דאָס לאַנד — מיט אַ געזונטער באַפעלקערונג. קינדער,
יוגנט וואַקסן־אויף — „אייזן״!
שטייט קופּת חולים, דער שטאָלץ פון דער ארץ־ישראל׳דיקער
אַרבעטערשאַפט, אין סאַמע מיטן פון ישוב און באַדינט זעכציק פּראָ־
צענט פון דער באַפעלקערונג.
אַ מעכטיקער פאָרפּאָסטן פון דער מעדיצין, פון דער ציווילי־
זאַציע אין דעם פינצטערן, קראַנקן נאָענטן מזרח.

* * *

יאָ, פונקט ווי דער גרויסער, מאַסיווער זעקס־שטאָקיקער בית־
הסתדרות אויף רחוב אַרלאָזאָראָוו הויבט זיך אויף איבער אַלע אַרו־
מיקע געביידעס פון תל־אביב — אַזוי הויבט זיך די הסתדרות אויף
איבער אַלע אנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, באַוועגונגען
פון לאַנד, לייגט זי אַרויף איר דעצידירנדיקן חותם אויף אַלץ, וואָס
קומט פאָר אין מדינת ישראל.
פון מטולה ביז אילת.
אַ „מלוכה אין דער מלוכה״.
די גרויסקייט פון דער הסתדרות, איר רייכקייט, אירע אינסטי־
טוציעס — דאָס איז אָבער בלויז איין טייל פון בילד. איין זייט פון
דער מטבע.
די צווייטע זייט איז — די שאָטנדיקע. אָט די זייט האָבן שוין
אייערע אַרומפירער מיר ניט געפירט ווייזן. אָבער מען דאַרף נאָך
איר ניט נישטערן. זי וואַרפט זיך אַליין אין די אויגן.
דער גרונט־פאַקט פון לעבן פון אַרבעטער פאַרבלייבט דאָך
אַלע מאָל, אין לעצטן סך הכל — **דער לוין, וואָס ער ברענגט אהיים סוף וואָך.**
איז קאָן מען דען פאַרלייקענען, אַז אָט דער לוין איז קליין, צו
קליין?
און אויב אַפילו עס זענען ריכטיק די אָפיציעלע סטאַטיסטיקעס,
אַז אַן אַרבעטער פאַרדינט דורכשניטלעך הונדערט פופציק פונט
אַ חודש — איז דען דאָס גענוג? קאָן אַ משפחה מיט דעם אויסקו־

מען — אַפילו ווען מען פירט אַ באַשיידן לעבן? איז דען ניט מיט אַזאַ לוין אַ נייער, פרישער מלבוש — אַ גרויסער לוקסוס? און די נייע, בעסערע דירה — אַ וויטער חלום?

ווייזט מיר אַ יונגע אָנגעשטעלטע אין אייערער אַ הסתדרות־אינסטיטוציע דעם שמאָלן חשבון־צעטל, וועלכן זי קריגט יעדע צוויי וואָכן בייגעלייגט צו איר לוין. אַזאַ לאַנגע רשימה! אַזוי פיל הסתדרותישע שטייערן! א פונט, אַ האַלבער פונט, צוויי פונט. אַלץ ווערט אראָפּגערעכנט פון איר קליינעם לוין. יעדע פּאָזיציע מיינט דאָך — עפּעס ווייניקער צו קויפן פאַרן שטוב. ווייניקער שפּייז פאַר איר מיידעלע. דאָס נייע קלייד ווערט אָפּגערוקט אויף אַ חודש ווייטער אין איר צוקונפט־חלום. די פיינע אָפּרו־הייזער פון איר הסתדרות וועלן ווייטער לאָקן. אָבער אַפילו די פאַרהעלטניסמעסיק נידעריקע אָפּצאָלן זייערע זענען צו הויך פאַר איר. זי וועט שוין פאַרבלייבן דעם זומער אין דער שטיקעניש פון תל־אביב...

שטעלט זיך אַן ערנסטע פראַגע: צי קאָן אַזאַ אָרעמע אַרבעטערשאַפט אויסהאַלטן אויף אירע פּלייצעס דעם גיגאַנטישן בנין פון אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער שוץ — מיט די הונדערטער, אויב ניט טויזנטער פּקידים, מיט דער אומפאַרמיידלעכער פלאָג פון ביוראָקראַטיע, פּראָטעקציע און אפשר אויך טאַקע קאָרופּציע? צי איז ניט די סאַמע דרינגנדיקסטע אויפגאַבע גאָר פראָסט פּשוט צו קעמפן פאַר א העכערן, א מענטשלעכן אַרבעטס־לוין — אַז דער אַרבעטער זאָל קאָנען אַהיימברענגען אַ פּאָר פונט מער, ער זאָל קאָנען ווי ניט איז אַדורכשטופּן די וואָך?

דערווייל אָבער איז די באַוועגונג גאָר פאַרנומען מיט בויען נאָך גרעסערע, נאָך טייערערע בנינים — שענער דעקאָרירט, רייכער אויסגעפּוצט.

איז טאַקע דער אַרבעטער איצט אין דעם אממערסטן פאַראינטערעסירט? אַז די ווענט זאָלן זיין פון אַזעלכע שיינע שטיינער? אַז אַזעלכע פּרעכטיקע שניצונגען, מאָלערייען, סקולפּטורן זאָלן באַצירן די זאַלן? אַז צענדליקער אָנגעשטעלטע זאָלן טאָג־איין, טאָג־אויס דאַרפן האַלטן אין איין פּוצן די גלאַנציקע ווענט, דעם

שפּיגלדיקן דיל, די ריזיקע פענצטער, די מעשענע און אלומיניום־באַפּוצונגען אויף די טרעפּ?

וויפל מען האָט אונז דאָן אויף דער פאַרזאַמלונג ניט געטייטשט, פאַרוואָס הסתדרות דאַרף דווקא אַזאַ פּראַכט־געביידע — דער ביי־געשמאַק בלייבט.

פאַראַן אָבער נאָך ערנסטערע, נאָך מער באַאומרואיקנדיקע פראַגעס און טענות.

זאָגן אַרבעטער:

— אמאָל האָט דער פאַראיין געוואוסט איין זאַך: פאַרטיידיקן אונזערע אינטערעסן, אַרויסרייסן ביים באַלעבאָס נאָך אַ פּאָר פּיאַסטער. אונזערע פּיאַסטער, אונזער חלק פון דער פּראָדוקציע! פאַרבעסערן אונזער לעבן. און היינט? היינט איז די הסתדרות אַ טייל פון דער מלוכה. די מלוכה־אינטערעסן זענען העכער, ווי אונזערע אינטערעסן. דאַרף מען האָבן אַ געוויסע אינדוסטריע, אַ געוויסע פאַבריק—מאַכט מען דעם קאַפּיטאַליסט די גרעסטע הנחות. אַבי ער זאָל אריינלייגן דאָס געלט. אַבי ער זאָל לאָזן גיין די מאַשינען. נאַטירלעך גייט דאָס אויף אונזער חשבון. איז אַז מיר מאַכן אַ טומל, מיר פּראָטעסטירן, מיר הויבן אָן רעדן וועגן אַ שטרייק — קומט צו אונז דער פאַרשטייער פון הסתדרות און שרייט גאָר אָן אויף אונז. סטראַשעט אונז.

זאָגט מיר אַ נייער אימיגראַנט, וואָס האָט די קריגס־יאָרן „פאַרבראַכט" אין סיביר:

— אַבי איך האָב שוין געמיינט, אַז איך בין פּטור פון דער סטאַכאַנאָוו־אָנשיקעניש, פון די פאַראייגס־משגיחים, וואָס זייער איינציקע אויפגאַבע איז — יאָגן די אַרבעטער! ערשט אין ישראל — דאָס זעלבע! דווקא די „הסתדרות" הייסט אונז פארגרעסערן די נאָרמע, הייסט אונז זיך יאָגן, אַרויסשלאָגן זיך פון די כוחות. פונקט ווי דער באַלעבאָס וואָלט אונז וויניק געטריבן!

זע איך טאַקע אין אייערע אָפיציעלע באַריכטן, ווי איר דער־ציילט מיט שטאָלץ, אַז איר האָט געגרינדעט אַ „פּראָדוקציע־אינ־סטיטוט" צוזאַמען מיט די פאַבריקאַנטן און רעגירונג־פאַרשטייער — אויף צו פארגרעסערן די פּראָדוקציע־נאָרמעס, אַז איר האָט שוין

גאַנצע הונדערט דרייסיק אַזעלכע אונטערטרייבער־קאָמיסיעס אין די פאַבריקן...

זאָגן למשל אייערע פירער, אַז מען דאַרף אָפּשאַפן די וואָכן־לוינען. מען דאַרף איינפירן „שטיק־אַרבעט". מיינט דאָך דאָס: אַרויסיאָגן די נשמה פון אַרבעטער, טרייבן אים אַ גאַנצן טאָג, אָן אויפהער.

און אָט דערקלערן די הסתדרות־פאַרשטייער אין דער רעגי־רונג אָפּן, אַז דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון לאַנד איז צו הויך. אַז עס איז אַ שעדלעכע איבערבלייבעניש פון די רייכע צייטן בעת דער ענגלישער אָקופּאַציע, אַז מען מוז דעם לעבנס־ניוואָ אַראָפּנידעריקן.

גייט דאָך באמת אדורך אַ שוידער איבער די ביינער! וואָרעם מען ווייס דאָך, אַז דעם לעבנס־ניוואָ פון די גבירים, די הויז־באַלע־באַטים, די סוחרים און שפעקולאַנטן וועט מען נ י ט אַראָפּני־דעריקן! פּונקט ווי די שווערע שטייער־לאַסט פאַלט איצט דער עיקר אויף די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע — אַזוי מוז יעדער פּרואוו אַראָפּצודריקן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד טרעפן ווידער אַמאָל די אַרבעטס־מענטשן, וואָס לעבן שוין איצט אויף דער סאַמע גרע־נעץ פון נויט און אונטערדערנערונג.

פרעגט זיך די פראַגע: איז ד אָ ס טאַקע די אויפגאַבע פון אַרבעטער־פאַראיין?

און אַזוי זעט מען, אַז וואָס שטאַרקער און רייכער עס ווערט די הסתדרות — אַלץ גרעסער ווערט דער מהלך צווישן פאַראיינס־פירער, דעם פאַבריק־פאַרוואַלטער, דעם הייזער־אַדמיניסטראַטאָר — און דעם אַרבעטער מיט זיין משפחה.

צוויי באַזונדערע, שוין היפּשלעך אָפּגעפרעמדטע טיילן פון דעם זעלבן אַרבעטער־קלאַס.

היינט איז עס נאָך בלויז — מהלך. ווי לאַנג וועט עס דויערן, ביז עס וועט ווערן — ת ה ו ם?

* * *

איך האָב ניט דערמאָנט אין מיין בריוו אַ ריי אַנדערע פראַגעס, וואָס רופן אַרויס זאָרג און ווייטיק.

למשל — וואָס פאַר אַ ווערט האָט די „אַרבעטער־אינדוסטריע".

די הסתדרות־פאַבריקן — אויב די אַרבעטער גופא האָבן דאָרטן קיין דעה ניט, אויב די פאַבריקן אַרבעטן אין גאַנצן אויפן קאַפּיטאַליס־טישן סדר?

למשל — די באַציאונג פון הסתדרות צו דעם אַראַבישן אַרבע־טער אין לאַנד. איר אַליין הויבט אָן איינזען, ווי שווער איר האָט ביז איצט געזינדיקט און דער ערשטער סימן דערפון איז, אַז איר האָט שוין ענדלעך מסכים געווען אַריינצונעמען אַראַבישע אַרבעטער אין דער הסתדרות. מיינט איר אָבער ערנסט, אַז דערמיט האָט איר שוין אָפּגעטאָן אייער פליכט? דער אַראַבישער אַרבעטער איז דאָך נאָך אַלץ עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, סאָציאַל אין אַ געטאָ!

למשל — די טרויעריקע ממש טראַגישע פראַגע וועגן די על־טערע אַרבעטער אין לאַנד, וועגן די מניעות, וועלכע זיי טרעפן אָן מצד דער הסתדרות.

וואָס־זשע זאָל מען שוין רעדן וועגן דער געפערלעכער מכה פון פּראָ־סאָוויעטישע, פּראָ־קאָמוניסטישע שטימונגען אין אייערע רייען? און איך מיין ניט נאָר די אָפענע מק״י־אָנהענגער און זייערע נייע רעקרוטן, די סנה־בערמאַן־חברה. איך מיין דאָ די פיל גרעסע־רע געפאַר פון מפ״ם, פון די השומר הצעיר־קיבוצים. זעען מיר, ווי אויך איר, דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פליגל, פאַראַדירט מיט פאַלשע, שעדלעכע, אומאויפריכטיקע נייטראַליסטישע רייד, וואָס גרילצן פרעמד און באַאומרואיקנד.

אָדער די פראַגע וועגן קריזיס פון דער קיבוץ־באַוועגונג. די אָפּשוואַכונג פון איר וואוקס. איר קנאַפּע צוציאונגס־קראַפט פאַר דער שטאָטישער יוגנט.

און אָט דינגען דאָך שוין געוויסע קיבוצים שוואַרצע אַרבע־טער, תימנער, איראַקער, מאַראָקאַנער אימיגראַנטן. יענע טוען די שווערסטע פיזישע אַרבעט. אַוודאי צאָלט מען זיי פאַראיינס־לוינען. אָבער דעם פּראָפיט פון זייער אַרבעט — איבער זייער לוין — נעמט דאָך דער קיבוץ!

איז דאָס ניט אַ געפערלעכע דערשיינונג, וואָס רירט אָן דעם עצם, דעם יסוד פון קיבוץ־לעבן?

לסוף — די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער הסתדרות צו יידיש, די אומאויפריכטיקייט. פון מאָל צו מאָל — אַ קאָמפּלימענט

פאר די היסטאָרישע פאַרדינסטן פון יידיש־לשון. א דעמאָנסטראַ־ציע כלפּי חוץ — דאָס אַרויסגעבן דעם גלענצנדן זשורנאַל „גאָלדע־נע קייט". אָבער אין טאָג־טעגלעכן לעבן זענט איר, די הסתדרות, דאָך די הויפּט־אַדורכפירער פון דער צוואַנג־העברעאיזאַציע אין לאַנד. און אין די תפוצות זענען דאָך אייערע פאָרשטייער די הויפּט־אָנפירער פון קאַמף קעגן יידיש!

ניט איך, חבר מערעמינסקי, האָב אייך אויף יענער פאַרזאַמ־לונג געשטעלט די האַרבע קשיות וועגן דער באַציאונג צו יידיש אין מדינת ישראל. אייערע געטרייסטע חברים, מיטקעמפער פאַר צענדליקער יאָרן, האָבן אָט די חרפה׳דיקע באַציאונג ניט געקאָנט פאַשווייגן און זייער ווייטיק האָבן זיי אַרויסגעשריגן אין גרויסן זאַל פון בית־הסתדרות.

זיי זענען ניט אליין. די גאַנצע יידישע וועלט פרעגט אָט די קשיא. פון אַלע יידישע ישובים טראָגט זיך צו אייך אָט די פאַר־ביטערטע תרעומה.

* * *

בין איך צום סוף פון מיין רייזע צוריקגעקומען צום לופט־פעלד אין לוד. מיין וואַליזקע פירט א וועגעלע אַרויף אויפן עראָפּ־לאַן.

וואָס אָבער טראָג איך מיט זיך, אין מיין באַוואוסטזיין?

צוויי גרויסע, קאַרדינאַלע פאַקטן, וואָס גיסן זיך צונויף אין איין גרויסן אמת — וואָס ד אָ ס איז, גלויב איך, דער תוך׳יקער אמת וועגן ארץ־ישראל:

ע ס  ו ו א ָ ל ט  נ י ט  ג ע ו ו ע ן  ד ע ר  א י צ ־ט י ק ע ר  י ש ו ב,  ע ס  ו ו א ָ ל ט  נ י ט  ג ע ק א ָ נ ט  א ו י פ ק ו מ ע ן  ד י  י י ד י ש ע  מ ד י נ ה — א ָ ן  ד ע ר  א ר ב ע ט ע ר ש א ַ פ ט.

און:

ע ס  ו ו ע ט  נ י ט  ק א ָ נ ע ן  ז י י ן,  ע ס  ו ו ע ט  נ י ט  ק א ָ נ ע ן  ע ק ז י ס ט י ר ן  ד ע ר  י י ד י ש ע ר  י ש ו ב,  ד י  י י ד י ש ע  מ ל ו כ ה — א ָ ן  ד ע ר  א ר ־ב ע ט ע ר ש א פ ט.

איך מיין: אָן דער אַרבעטערשאַפט אין דער זעלבער דעצי־דירנדיקער, אַנפירנדיקער ראָל, ווי זי איז עס געווען ביי יעדן עטאַפּ פון אויפבוי פון לאַנד במשך פון די לעצטע פערציק יאָר, ווי זי איז עס געווען אין די יאָרן פון קאמף פאר אומאָפּהענגיקייט, אין די יאָרן פון מאַסן־איינוואנדערונג און שטורמישסטן בוי.

אַ יידישע מלוכה אָן דער אַרבעטערשאַפט ביים רודער, אַ מלו־כה ניט געבויט אויף די יסודות פון פרייער אַרבעט, יושר, עקאָנאָ־מישער דעמאָקראַטיע, מיט גרויסע עלעמענטן פון דער ווירטשאַפט פאַרוואַלטעט דורך דעם אַרבעטער־קלאַס, אַ יידישע מלוכה, וואָס איר גרונט־איינשטעלונג איז געווענדעט ניט אין דער ריכטונג פון סאָציאַליזם —

אַזאַ מלוכה פאַרלירט איר זין. זי האָט ניט קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן.

אַ רעאַקציאָנערע יידישע מלוכה האָט אַפילו ניט קיין עקזיס־טענץ־באַרעכטיקונג.

קאָן עס גאָר געשען?

דאָס איז, דוכט מיר, אין דער ערשטער ריי אָפּהענגיק פון דעם, צי די „הסתדרות" וועט צוריק קאָנען ווערן דער געטרייער היטער פון די אַרבעטער־אינטערעסן. צי זי וועט באשליסן, אז ניט דורך מקריב זיין די דאָזיקע אינטערעסן אויפן מזבח פון דער מדינה, נאָר דורך שיצן די אַרבעטער־רעכט, דורך פאַרזיכערן די אַרבעטער פון פאבריק, פון קיבוץ די דעצידירנדע השפעה אויפן לאַנד שטארקט מען אמבעסטן די יונגע יידישע מלוכה.

...דער עראָפּלאַן הויבט זיך אויף. איך דערוויטער זיך פון יידישן לאַנד, דאָס לאַנד פון אלטער הייליקייט און יונגער האָפֿע־נונג, — אין מהלך, אין צייט. הויבן זיך אָן, אין מיין מוח, אין מיין האַרצן, אין מיין געמיט צונויפלייגן, גרופירן די הונדערטער באַגע־געענישן. די טויזנטער דעטאַלן, וואָס דאָס אויג, דער אויער האָבן אויפגעכאַפּט, פון דער בונטער מאָזאאיק פון איבערלעבונגען שאפט זיך אן איינהייטלעך בילד.

זע איך אין סאַמע צענטער פון דאָזיקן בילד — ד י י י ד י־ ש ע אַ ר ב ע ט ע ר ־ מ ח נ ה.

זע איך די קברים פון די ערשטע ארבעטער־שומרים.

שוועבן פאר מיינע אויגן פאַרביי די זילבערנע קעפּ, די ווייסע בערד פון די ראשונים — אין קיבוץ, אין פאבריק, אויף דער מאַי־פייערונג פון מועצת הפּועלים אין תּל־אביב, אויף דער זיצונג פון דער כנסת. אייער ווייסער קאָפּ, חבר מערעמינסקי — צווישן זיי.

ציען זיך די לאַנגע רייען מיטליאָריקע ארבעטער — ביי די רוישיקע מאַשינען, אויף די רושטעוואַניעס.

קומען די יינגסטע — אויפן טראַקטאָר, ביי דער דרעש־מאַשין. א מחנה — ניט צום באַזיגן!

און איר געהערט די צוקונפט.

יאָ, די צוקונפט...

טראָג איך מיט זיך מיין ס אַ מ ע ל ע צ ט ע איבער־לעבונג פאַר מיין אָפּפאָרן פון מדינת ישראל.

אין דעם טונקעלן אָוונט פון ערשטן מאַי בין איך געשטאַנען אויפן ברייטן רחוב דיזענגאָף. פאַרביי מיר האָט זיך געצויגן דער פאַקל־צוג פון אייערע קינדער, די מיטגלידער פון אייער סאָציאַ־ליסטישער קינדער־אָרגאַניזאַציע, די שילער פון אייערע „מחנות העולים", די יוגנט פון „הנוער העובד".

זע איך איצט די מייל־לאַנגע שורה פון די יינגלעך און מיידלעך אין זייערע בלויע בלוזעס, מיט די רויטע האלז־טיכלעך. פיל איך דעם פלאטער פון זייערע שטורעם־פענער. הער איך דעם ריט־מישן טראָט פון זייערע לייכטע פיס אויפן ברוק.

קלינגט אין מיינע אויערן זייער שאלנדער, צוקונפט־זיכערער געזאַנג.

טראָג איך ניט נאָר אָט די דעראינערונגען מיט זיך, ניט נאָר דאָס שיינע, פאַרכאַפּנדע בילד —

נאָר אויך דאָס געבעט:

אז די האָפענונג פון די קינדער זאָל מקוים ווערן.

אַז דורך פרייהייט און שלום, דורך ארבעט און בוי זאָלן זיי דערגיין צום ציל —

צ ו א פ ר י י, ס אָ צ י א ל י ס ט י ש י י ד י ש ל אַ נ ד.

גדעון
צבא הגנה לישראל

*

ליבער גדעון:

שוין פאַרביי אַ פּאָר חדשים ווי מיר זענען געזעסן אין אייער פיינעם עס־צימער אויף רחוב באלפור אין ירושלים און געשמועסט. און אָט דער שמועס איז מיר נאָך ניט אַרויס פון זינען!

יוגנט מעג זיין שארף און הארט. און ווען מען טראָגט נאָך אַ מיליטערישן מונדיר, קומען די שארפע, האַרטע ווערטער אַרויס נאָך לייכטער פון מויל.

און אז א זעלנער זיצט ביים טיש — מוז דאָך שוין דער געשפּרעך אַוועק וועגן דער גורל־פראַגע פון שלום און קריג, וועגן דעם אַראַבישן שכן און פיינט אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ.

איך האָב זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון מאנדעלבוים־טויער. איך האָב פון מגדל־דוד אויפן הר־ציון אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַנצער הייליקער שטאָט און האָב געזען די שטעכיקע דראָטן, וואָס צעטיילן זי אויף צוויי חלקים — ווי דערנער אריינגעשטאָכן אין אַ לעבעדיקן גוף.

רעד איך וועגן דעם מיט ווייטיק. איך דערמאָן די בלוטיקע צוזאַמענשטויסן. די „הסתננות", קיביא און מעלה־עקרבים און נחלין. וואָס וועט זיין? וועט מען זיך כסדר אַזוי מאָרדן איינע די אנדערע? וועט עס זיך ווען ניט איז ענדיקן? און ווי אַזוי?

איך האָב שוין די פראַגעס געשטעלט א סך מאָל און געהערט אַ סך תשובות. מען האָט מיר געפּרואווט אויפווייזן, אַז אַנדערש קאָן עס ניט זיין. אָבער אַלע האָבן באַדויערט דעם בלוט־פאַרלוסט. אַלע האָבן געטרויערט ניט נאָר אויף די אייגענע קרבנות, נאָר אויך אויף די אומשולדיקע, וואָס פאַלן בעת מעשה אויף דער אַנדערער זייט.

אַלע — מיט איין אויסנאם. און דער אויסנאם ביסטו געווען!

— איז וואָס, אַז עס פאַלן אויך אומשולדיקע? דאָס זענען דאָך אראַבער! דאָס זענען דאָך אונזערע שונאים און וואָס מער זיי־עס פאַלן — אַלץ זיכערער זענען מיר!

און ווייטער:

— אַוודאי איז ניט גוט, וואָס מיר באַפאַלן זיך אַזוי ביי דער גרענעץ. איינמאָל זיי — אונז; און אַ צווייט מאָל — מיר זיי. דאָס איז ניט גענוג! דער אַראַבער פארשטייט דאָס ניט. וואָס אַרט אים, אז מען הרגעט אַ פּאָר צענדליק אַראַבער הונדערטער מייל פון דעם דאָרף, וואו ער וואוינט? דעם אַראַבער מוז מען אויפטרייסלען מיט עפּעס אַ גרויסער שחיטה! עס זאָל אָפּקלינגען איבער דער גאַנצער אַראַבישער וועלט! און ניט גלאַט א שחיטה — עס מוז אין דעם זיין אַ ביסל סאַדיזם אויך! מען מוז זיי אַ ביסל אונטערפּייניקן — ערשט דאָס וועט דער אַראַבער פאַרשטיין!

— און אַז דאָס וועט פירן צו אַ מלחמה?

— איז אויך ניט קיין אומגליק. זאָל קומען צו א מלחמה — וועלן מיר זיך אַן עצה געבן. די יו־ען וועט דאַן מעגן שרייען וויפל זי וויל. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן, ביז מיר וועלן האָבן אַזעלכע גרענעצן, ווי מיר דארפן האָבן. געדענק — אַ קליינע יידישע מלוכה וועט דאָך אונטערגיין אין גרויסן אַראַבישן ים. דער איינציקער אופן ווי מיר קאָנען עקזיסטירן — איז ווי אַ גרויסע מלוכה, מיט ברייטע גרענעצן! און אויב נאָר אַ מלחמה קאָן פירן דערצו — איז פאַרפאַלן! וועלן מיר דערויף גיין!

**איך האָב שוין זינט דאַן פיל מאָל נאָכגעטראַכט** וועגן דיינע רייד. איך האָב זיך געזאָגט, אַז עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט, אַז איך הער א כמעט בלוט־דורשטיקן טאָן אין דיין שטימע. איך האָב געזוכט זכות אין דיין יוגנט, אין דיין פאַרבראַכטן צווישן זעלנער, אין דער בראַוואָר־אַטמאָספערע פון א קאַזארמע.

איך ווייס, אַז דו רעדסט ניט אין נאָמען פון דער ארץ־ישראל־דיקער יוגנט. האָסטו דאָך אליין געטענהט מיט פאַראַכטונג וועגן דער גרויסער מערהייט, וואָס פאַרשטייט ניט די גרויסקייט פון דיין אָרגאַניזאַציע — „חרות".

האָסט מיר אַליין געזאָגט, אַז קיין פאַשיסט ביסטו ניט, אָבער

אַ קליין ביסל פּאַשיזם וואָלט מדינת־ישראל צונויץ געקומען — און דו מיט דיינע חברים, פאַרשטייט זיך, זענען גרייט צוצושטעלן אַט דעם „קליינעם ביסל פּאַשיזם". און עס האָט דיך ניט אָפּגעשראָקן, ווען איך האָב דיר דערמאָנט וויפל מיר, יידן, האָבן געליטן פריער פון אַ „קליין ביסל פאַשיזם" און שפּעטער פון הונדערט־פּראָצענטי־קן פאַשיזם, דעם נאַציזם.

אוודאי ביסטו און דיינע חברים אַ קליינער מיעוט. אָבער עס האָט מיך אויפגעטרייסלט וואָס אפילו אַזאַ קליינער מיעוט איז פאַראַן.

עס איז מיר שוין געוואָרן פאַרשטענדלעך פאַרוואָס, ווען דו ביסט אַריינגעקומען אַ פאַררויטלטער, אַ פאַרשוויצטער, אין דיין העלן אַרמיי־מונדיר, און האָסט געהערט ווי איך שמועס מיט דיין טאַטן אויף יידיש, האָט אַ גרימאַס פאַרקרימט דיין גאַנצן פּנים:

— אויף יידיש? דאָס איז דאָך די מיאוסטע שפּראַך אין דער וועלט! דאָס דערמאָנט דאָך אין דער מיאוסטער צייט אין אונזער געשיכטע — אין גלות!

עס איז לייכט צו זאָגן:

— גדעון איז ניט מדינת־ישראל! דאָס איז נאָר שאָוויניסטי־שער עקסטרעמיזם פון פאַרבלענדטע אַכצן־יאָריקע יינגלעך. דאָס איז ווילד־גראָז אָדער גאָר ווילד־פלייש און דעריבער דאַרף עס מיר ניט אָנגיין.

ווי אַזוי זאָל עס מיר ניט אָנגיין, אַז דאָס „ווילד־פלייש" איז מיין אייגן, קרוביש פלייש און בלוט! אַז אונזערע ביידנס זיידעס זענען דאָך געווען לייבלעכע ברידער, צוויי אָרעמע אַרבעטס־מענ־טשן אין גלות, פּראָסטע ניט־געלערנטע האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן אָבער געפירט אַ שיין, ריין, ציכטיק לעבן, האָבן דערצויגן גוטע, הייסע יידן — דיין טאַטן, מיין טאַטן, אונזערע מומעס און פעטערס — אַ פּראַכטפולן יידישן שטאַם! קאָן איך זיך אָפּזאָגן פון דיר — כאָטש עס איז מיר אַזוי פרעמד דיין ניט־יידישע בלוט־דורשטיקייט, דיין פאָכען מיט דער ביקס, דיין גרויזאַם אויסמעקן צוואַנציק יאָר־הונדערט פון אונזער פאָלקס־געשיכטע?

זאָל איך דיר פּרואוון דערציילן, וויפל גייסטיקייט, קדושה, העלדישקייט עס איז געווען ביי אונז אין „גלות"? זאָל איך דיר אָנ־

הייבן שילדערן, ווי אין דור פון אונזערע זיידעס און טאַטעס זענען אויפגעשטאַנען פון דער סאַמע טיפעניש פון נויט, פינצטערניש און פארשקלאפונג מחנות יונגע מענטשן און האָבן מורד געווען קעגן צוויי טויזנט־יאָריקער קנעכטשאפט, הכנעה און רעכטלאָזיקייט? זאָל איך דיר זאָגן, ווי שטאָלץ איך בין, וואָס איך שטאם אָפּ פון אָט דעם דור באַנייער און באפרייער פון יידישן פאָלק, אָט די יידיש־רעדנ־דיקע יידן פון גלות?

איז וועל איך דיר בעסער דערציילן וועגן א מאמע און א טאָכ־טער פון דער קהילה קדושה ביאַליסטאָק, וועגן וועלכע עס איז גע־שריבן אין א העברעאישן בוך, וואָס איז לעצטנס דערשינען אין תל־אביב.*)

„דאָס יתומים־הויז האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק פון א גרויסער געביידע קעגנאיבער דעם שפּיטאָל פון געטאָ. דאָ האָב איך געפונען ש י י נ ע ן, אין א ווייסן כאלאט, ארומגייענדיק צווישן די קליינע בעטלעך, צווישן די וויינענדיקע, שרייענדיקע, לאכנדיקע קינדער. וויפל גוט־הארצי־קייט און שטארקייט האָט אויסגעדריקט איר דאַ־רער און מידער פנים! שיינע איז געווען א מאמע און א דערציערין פון איבער הונדערט קינדער פון דעם אנשטאלט. זי האָט זיך ארומגעדרייט אין די שמאָלע דורכגאנגען צווישן די בעטן, דאָ געזאָגט אַ גוט וואָרט, דאָ א שמייכל געטאָן, דאָ א זונג גע־טאָן א ליד, וואָס די קינדער האָבן ליב געהאט.״

אַ גאַנצן טאָג — א וואונדערבארע לערערין, אַ מאַמע פון הונ־דערט יידישע געטאָ־יתומים.

אין אָוונט?

אין אָוונט ווערט שיינע די וויכטיקע אונטערערדישע טוערין, דער פארבינדער מיטן דרויסן. די באפולמעכטיקטע פון די פארטי־זאנער אין די וועלדער. דורך אירע הענט גייען אלע געהיימע ווענ־דונגען און באפעלן.

---

*) חיהקה גרוסמן: אנשי המחתרת.

און ביינאַכט?

עס איז ניט קיין פאַנטאַזיע פון א האַליוואודער קינאָ־בילד, וואָס איך גיי דיר דאָ דערציילן. קעגנאיבער דעם הויז, וואו שיינע איז דערצויגן געוואָרן, שטייט א בארג. איך קען דעם בארג. איך האָב זיך אויך אמאָל, אלס קינד, דאָרטן געשפּילט. מיר יינגלעך האָבן געשמועסט, אַז דורך דעם באַרג ציט זיך עפּעס א געהיימער אונטערערדישער טונעל, וואָס פירט אין דעם „שטאָט־פּאַלאַץ", דעם אלטן שלאָס פון די בראַניצקיס, די פירשטן, וואָס האָבן אויפגעבויט ביאַליסטאָק.

שיינע און אירע חברים האָבן אויסגעפונען אָט דעם געהיימען טונעל. דו וועסט ניט גלויבן — ביינאַכט גייט שיינע אַראָפּ אין דאָזיקן טונעל. א י י נ ע א ל י י ן גייט זי, א יידישקע, גלייך אין „שלאָס", וואו עס איז איצט דער שטאַב פון די דייטשן, פון דער געשטאַפּאָ. דאָרטן וואַרטן שוין אויף איר א מענטש. שיינע לייענט דאָרטן אַלע געהיימע נאַצישע דאָקומענטן. זי גנבעט אַרויס אַלע נאַצישע פּלענער.

„דער הויפּט־צוועק פון אירע נאַכט־באַזוכן אונטער דער ערד אין „פּאַלאַץ" איז געווען צו באַקומען די ידיעות, וואָס די דייטשן האָבן וועגן די פּאַרטיזאַנער. אַז מען איז געוואָר געוואָרן, וואָס די דייטשן וויסן, איז גרינגער געווען זיי אַראָפּצופירן פון וועג".

מיינסטו ניט, גדעון, אַז אַזעלכע איינזאַמע „נאַכט־וויזיטן" פאַרלאַנגען א ביסל מער מוט ווי רעדן וועגן „א ביסל סאַדיזם" אויף רחוב באלפור אין ירושלים?..

שרייבט ווייטער דער מחבר:

„שיינע האָט געטאָן איר אַרבעט מיט א וואונדערלעכן יונגן ברען. עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין דעם קוואַל פון איר כּוח".

עס זענען געווען צוויי הויפּט־סיבות. איינע — שיינע'ס לעבנלאַנגע שנאה צום פאַשיזם, אַפילו צו „א קליין ביסל פאַשיזם". שיינע איז אַ גאַנץ לעבן געווען אַ סאָציאַליסטין. און א גאַנץ לעבן

געגלויבט אין אויפבוי פון ארץ־ישראל. און דאָס האָט באַפוילן; קאַמף מיטן נאַציזם אויף לעבן און טויט.

די צווייטע סיבה האָט געהייסן — חנה׳קע.

חנה׳קע איז געווען שיינע׳ס טאָכטער. א טאָכטער פון א יידי־שער פאָלקס־לערערין. געלערנט אין דער יידישער פאָלקס־שול, וואָס די שיינע׳ס האָבן מיט אַזוי פיל מסירת־נפש אויפגעבויט.

זי איז געווען קוים זעכצן יאָר ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט. אַ שלאַנקע, יונגע פּאַלמע אויפן ביאַליסטאָקער ברוק.

זי איז גלייך געוואָרן א טייל פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

וועגן אירע שליחותן וועל איך דיר ניט שרייבן. איך וועל גלייך צוקומען צום לעצטן קאַפּיטל פון איר קורץ לעבן.

חנה׳קע איז אריינגעפאַלן צו די נאַציס. די געשטאַפּאָ האָט גע־וואוסט, אַז זי איז פאַרבונדן מיט דער אומלעגאַלער באַוועגונג. מען האָט פון איר געפאָדערט ידיעות וועגן אנדערע טוער:

„זי האָט ניט געענטפערט. מען האָט זי געפּייניקט, געשלאָגן און זי האָט ניט געענטפערט. עס זענען געווען טעג, ווען זי האָט ניט געקאָנט איינ־שטיין אויף די פיס. איינער וואָס איז מיט נסים ארויס פון טורמע, האָט דערציילט:

„א יונג מיידל, א גלייך־געוואקסענע, א שיינע, זעט מען גיין איבערן טורמע־הויף בעת די שפּאַציר־רן פון די אַרעסטאַנטן. אַ דאַרע, אַן איינגעצויגענע. אירע הענט און פּנים צעשלאָגן, צעבלוטיקט, פאַר־וואונדעט. אירע פיס — באָרוועס; די קליידער צע־ריסן. זי האָט אויסגעזען ווי א סימבאָל פון ליידן און גבורה. די שכינה איז געווען אויף איר פּנים, אויף איר קערפּער".

„מען האָט אויך דערציילט, אַז איר זינגען, איר טרויעריק זינגען, האָט זיך פון מאָל צו מאָל ארויבערגעריסן איבער די ווענט פון דער טורמע."

„זי האָט געזונגען און געמוטיקט אירע חברים: אויסצוהאַלטן, אריבער־צוטראָגן, ניט צו רעדן. פאַר־

שלימן דאָס מויל.״

„די מלכה פון די יונגע״, האָט מען זי גערופן...״

און דער סוף?

„אין פרילינג 1943 האָט מען זיבעצן אַרעס־טירטע אַרויסגעפירט צום טויט. אין אַ גראָבן ביי נאָוואָסיאָלקע, אַכט קילאָמעטער פון שטאָט, אין אַ געגנט פון נאָדל־ביימער, האָט מען זיי דערשאָסן. דעם פינקטלעכן טאָג ווייסן מיר ניט. בלויז איין מאָל האָט מען צוריקגעבראַכט דאָס פּעקל, וואָס מיר האָבן געשיקט צו חנה׳קען אין טורמע. זיי זע־נען באַגראָבן געוואָרן אין אַ ברודער־קבר און זייער גרויסער סוד, דער סוד פון די קעמפער קעגן פאַ־שיזם, דער סוד פון יידישן אונטערגאַנג אין געטאָ, איז אַראָפּ מיט זיי אין קבר. זיי האָבן ניט אַרויס־געגעבן דער געשטאַפּאָ קיין איין נאָמען, קיין איין אַדרעס, קיין זאַך ניט...״

און שיינע?

„אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט ווען זי האָט װעגן דעם גערעדט... אַ טראַגישער שיין האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר געזיכט. שיינע האָט ניט אויפ־געהערט צו מורמלען: זי האָט ניט גערעדט... זי האָט ניט גערעדט...״

איז ווייס־זשע, גדעון, אַז שיינע, אָט די וואונדערבאַרע מאַמע, וואָס איז שפּעטער געפאַלן אין ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד, איז געווען דיין טאַטנס לייבלעכע קוזינע. און די טאָכטער, וואָס איז אַוועק איר הייליקן וועג פּונקט אין די יאָרן, וואָס דו ביסט איצט — איז דיין בלוט.

...און איצט, אויב דו ווילסט, קענסטו אויך זיי ביידן אויסמעקן פון דיין זכרון!.. זיי זענען דאָך בלויז צוויי פאַרבלוטיקטע שטיקער פון גלות, פון אָט יענער „מיאוסער תקופה אין אונזער געשיכטע״! זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן גערעדט צווישן זיך יידיש. און זיי האָבן געקעמפט ניט פאַר אַ „קליין ביסל פאַשיזם״ — נאָר אַז פאַשיזם זאָל אויסגעראָטן ווערן; ניט פאַר אַ „קליין ביסל סאַדיזם״ — נאָר אַז

מענטשלעכקייט, גערעכטיקייט, פעלקער־ליבע זאָלן הערשן אויף דער וועלט.

אָבער די געשיכטע, דאָס יידישע פאָלק, וועט ניט אָננעמען אזא משפט, גדעון! פונקט אַזוי ווי עס שיינען שוין דריי טויזנט יאָר יענע דריי הונדערט שטאָלצע יידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט זיך בייגן, ניט געוואָלט קניען און זענען מיטן אמאָליקן גדעון אוועק קעמפן פאַר דער פרייהייט און ווירדע פון אונזער פאָלק — אזוי וועלן אין די דריי טויזנט יאָר, וואָס וועלן קומען, שיינען מיט אייביקן ליכט די „דריי הונדערט" שיינע'ס און חנה'קעס פון הייליקן יידישן גלות־לעבן אין פוילן, וואָס האָבן אויך ניט געוואָלט בייגן זיך און קניען און וואָס זענען געפאלן, כדי דו און איך און אלע דורות נאָך אונז זאָלן קאָנען מיט אויפגעהויבענע קעפ קוקן אונזער גרויסער געשיכטע אין די אויגן.

געניע

צבא הגנה לישראל

*

טייערע געניע:

אַז דער בריוו וועט צו דיר אָנקומען, וועסטו שוין האָבן היג־טער זיך די ערשטע חדשים פון שטרענגער, אָפּגעזונדערטער דיס־ציפּלין — דעם ערשטן „קאַפּיטל" דינסט אין דער ישראל־אַרמיי. בין איך טאַקע טשעקאווע צו וויסן, ווי אַזוי לעבט דווקא אַזאַ מיידל ווי דו איבער דאָס אָנטאָן פון אַן אַרמיי־מונדיר, דאָס גרייטן זיך צו דער דינסט פון פאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

ווען די ערשטע אַרמיי־מונדירן האָבן זיך באַוויזן אין דיין לעבן, ביסטו, געניע, נאָך געווען אַ קליין קינד. דאָס זענען געווען די גרין־גרויע מונדירן פון דער דייטשער ווערמאַכט; די שוואַרצע און רויטע עפּאַלעטן פון דער ס. ס.

1939. דערנאָך — וואַרשעווער געטאָ.

גייט א קליין יידיש מיידעלע איבער די גאַסן פון וואַרשע. זי גייט רואיק פאַרביי די דייטשע ס.ס.־וועכטער. זי קוקט גלייך אין פּנים די יידישע פּאָליציאַנטן. זייערע גראַנאַט־בלויע מונדירן שרעקן זי ניט. זי פינטלט אַפילו ניט מיטן אויג.

אַ קליינינקע קאָנספּיראַטאָרקע גייט איבערן געטאָ. אונטערן מאַנטעלע — איר געהיים „געווער". אַ ביכל, אַ העפט, אַ בלייפע־דער, דאָס גייט זי אויף אַ לעקציע, אין א געהיימען קלאַס, צו אַ יידי־שער לערערין. סיי די לערערין, סיי די קינדערלעך ריזיקירן מיט זייער לעבן — טאָמער אַ מונדיר וועט זיך מיטאָמאָל אַריינשטעלן אין טיר, טאָמער די פּאָליציאַנטן וועלן אַריינפאַלן אין דער פאַרבאָ־טענער שול.

דאָס, געניע, זענען נאָך געווען די גוטע צייטן... שפּעטער קומען

די „אויסזידלונגען", ווען דיין לערערין, דיינע חברטעס, אַלע שכנים און שכנטעס פון הויף גייען אַוועק... די גאַסן ווערן פוסט.

דו, געניע, זעסט שוין ניט די גאַסן. דו ביסט שוין דאַן פאַר־באָרגן אין געהיימע שאַפעס, אויף בוידעמס.

די שווערע טריט פון פּאָליצייסקע שטיוול אויף די טרעפּ און דערנאָך די געשרייען, געוואלדן, געוויינען, פון מאָל צו מאָל אַ רע־וואָלווער שאָס — דאָס זענען די איינציקע קלאַנגען וואָס דערגרייכן צו דיר פון דרויסן.

דערנאָך קומט די אַרישע זייט.

געדענקסטו ווי דו ביסט געווען באַהאַלטן אין אַ געהיימער מע־לינע אויף טאַרגאָווע 42? דיין ברודער און זיינע חברים האָבן אין מיטן צימער אויפגעשטעלט אַ ווענטל און די דייטשן האָבן ניט געקאָנט דערקענען, אַז הינטער דעם ווענטל איז נאָך פאַראַן אַ שמאָ־לער פּאַס, וואו מענטשן קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן. פּלוצלונג איז דער צימער פול געוואָרן מיט גרויע מונדירן פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע — און הינטער דעם דינעם ווענטל זענט איר גע־שטאַנען צונויפגעקוועטשט, אַכט יידן, און מורא געהאַט צו אָטע־מען...

עס איז שוין גוט געווען, ווען דו ביסט מיט דיין משפחה אַרי־בערגעפירט געוואָרן אין אַ נייער מעלינע — אויף דעם פּראַוואָ־סלאַוונעם בית־עלמין אין פּראַגע. דאָרט האָסטו שוין געקאָנט אַרויס־גיין. די אַלטע קריסטין פלעגט שוין אַפילו ריזיקירן און אַמאָל דיך מיטנעמען מיט זיך אין צערקווע אַריין.

אַזוי ביסטו געוואַקסן — אַ יידיש קינד אויפן גויאישן בית־עולם...

אָבער גלייך דערנאָך ביסטו, פון דער ענגשאַפט, פון פייכטקייט אַזוי קראַנק געוואָרן, אַז דו האָסט אויפגעהערט צו גיין. די דינע פיסלעך האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן דיין דארן גוף. חדשים לאַנג ביסטו, געניע, געלעגן אַ צוגעשמידטע צום בעטל. די אויגן — אָנ־געשטעלט אויפן טירל פון צימערל. די אויערן אָנגעשפּיצטע:

— קומען זיי?

נאָך אַ מעלינע.

ברעכט אויס דער פּוילישער אויפשטאַנד קעגן די דייטשן אין

1944. די נאַציס גייען פון הויז צו הויז און צינדן זיי אונטער. און אָט צינדן זיי שוין אונטער אייער הויז.

וואָס זאָל מען טאָן? פאַרבלייבן? אַרויסגיין — ווען די פּאָ־ליאַקן גלייך דערקענען און אויסגעבן צו די דייטשן!

און דאָ איז דיין מאַמע קראַנק, פאַרקריפּלט — קאָן קוים שטע־לן אַ טראָט!

דער רויך שטייגט אַלץ העכער און העכער. ער פּילט שוין אָן אייער קעמערל. שרייט אויס דיין טאַטע:

— זאָל זיין וואָס עס וועט געשען! ניט אויף דעם האָבן מיר זיך געראַטעוועט, כדי אומצוקומען אין די פלאַמען אין אַ פּוילישן הויז!

און ער כאַפּט דיין מאַמען, דיך און לאָזט זיך מיט אייך אראָפּ פון די טרעפּ.

אין דער סומאַטאָכע האָט אָפּגעגליקט. אַ האַלבן מיליאָן פּאָליאַ־קן טרייבן די דייטשן קיין פּרושקאָוו — גייט איר מיט.

פון ביידע זייטן שאָסיי — ווידער מונדירן. גרויע מונדירן. גרינע מונדירן. די העסלעכע געל־ברוינע מונדירן פון דער ס. ס.

אַלע מיט ביקסן. אַלע — שיסן.

ביי ביידע זייטן וועג — די קרבנות. טויטע, פאַרוואונדעטע. מען גייט.

ווידער אַ מעלינע — שוין די לעצטע.

ביז א טיר גיט אַ פּראַל אויף און דיין ברודער, וועמען איר האָט פאַרלוירן אויפן וועג, גיט זיך אַ רייס אַריין אין צימערל און שרייט אויס:

— טאַטע! מאַמע! שוועסטער! מיר זענען פריי!

פון פוילן — דייטשלאַנד.

און פון דאָרטן — עלית הנוער. א קינדער־גרופּע פאָרט אָפּ מיט אַ שיף קיין חיפה. וויינען ביים ברעג דער טאַטע, די מאַמע — אָבער זיי ווייסן, אַז זייער אָפּגעראַטעוועטע טאָכטער איז אין גוטע, געטרייע הענט.

הויבט זיך אָן דער נייער קאַפּיטל פון דיין לעבן: קיבוץ יגור.

אַ שיינער מהלך פון גראָז אויפן פּראוואָסלאוונעם בית־עלמין

אין פראַגע — ביז צו דעם צעבלימן קיבוץ־פעלד, וועלכן איר קינ־ דער באַאַרבעט איצט! פון דער מעלינע — צום בית־ילדים.

גייען ערב פּסח פאַרנאַכט די קינדער פון קיבוץ אַרויס אויפ־ קלויבן דעם עומר פון די פעלדער. פלעכטן זיי אַרום די קעפּלעך מיט קראַנצן בלומען. טאַנצן זיי און זינגען זיי אונטערן בלויען פריילינג־ דיקן הימל. חג העומר.

דו, געניע, טאַנצט צווישן זיי. איז עס טאַקע אמת, אַז נ ע כ־ ט ן האָט אויף דיר געלויערט דער טויט אויף די גאַסן פון וואַר־ שע? אפשר גאָר א בייזער חלום?...

די ערשטע שול — אין קיבוץ. מען מוז אָנהייבן פון סאַמע אַלף און בית. ניט נאָר אין לערנען, אין לייענען און שרייבן, חיבור און כפל. מען מוז אָנהויבן פון נאָך מער פונדאַמענטאַלע זאַכן:

האָב ניט מורא. ביסט מער ניט צווישן חיות רעות.

ניט יעדער מענטש איז אַ שונא, אַ נאַצי, אַ פּאָליציאַנט, א שאַבראַווניק. פאַראַן אויך פריינט, חברים, ברידער!

געוועזן אַ צייט, ווען די גרעסטע חכמה איז געווען: אָפּצונאַרן. אויף שנעל אויסטראַכטן אַ ליגן. איצט אַנטדעקט אַ נייע גרויסע זאַך: אמת!

און אַחרון אחרון חביב: יידישקייט. ניט די געלע לאַטע. דער יודען־באַנד אויפן אָרעם. ניט די מורא פאַר אַנטדעקט ווערן, דער־ קענט ווערן. ניט דער „בילעט" צו טרעבלינקע, צו אוישוויץ, צו בערגען־בעלזען, וואו דיין ברודער איז אומגעקומען.

אַ פרייע, אַ שטאָלצע, אַ גליקלעכע יידישקייט.

אַ גוטע שול איז זי געווען — די קיבוץ־שול אין יגור.

דערנאָך — די הרצליה־גימנאַזיע אין תל־אביב. לערנסט מו־ זיק. גייסט אויף קונצט־אויסשטעלונגען. ביסט אַרומגערינגלט מיט חברטעס, חברים. ביסט שוין אַ טייל פון דער נייער יוגנט פון לאַנד.

אַזוי וואַקסט א געטאָ־קינד אין ישראל.

זע איך דיך — ווי מיר האָבן זיך געזעגנט אויפן ברייטן רחוב בן יהודה. אַ פריילעך, שטיפעריש מיידל פון יידישן לאַנד. האָסט געשפּרודלט מיט וויץ, געלעכטער. האָסט מיט שטאָלץ מיך פריער אַרומגעפירט איבער די גאַסן פון „דיין" שטאָט. האָסט מיט אַזוי

פיל אומגעדולד געוואַרט אויפֿן טאָג, ווען די אַרמיי וועט זיך אַרייַנ־נעמען אין אירע רייען.

און ווען איך טראַכט וועגן דעם, זע איך אויך דעם קיבוץ לוחמי הגיטאות, וואו איך בין געווען אַ פּאָר טעג פאַר מיין אָפּפאָרן פון לאַנד, בעת דער גרויסער פייערונג צום אָנדענק פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, דאָרט, וואו עס ווערט אזוי ווירדיק גע־פּלעגט דער אָנדענק פון הייליקן נעכטן, וואו עס ווערט מיט ליבע און פּיעטעט געזאַמלט יעדער דאָקומענט פון אונזער קדושה — און וואו עס ווערט אַזוי שטורמיש געבויט אַ ניי לעבן. אָט זע איך די קינדער־הייזער, וואו עס זענען אין יענעם טאָג געווען נ י י ן א ו ן נ י י נ צ י ק קינדערלעך, געבוירן אין קיבוץ. מען האָט זיך געוועט, וועלכע פון די דערוואַרטנדיקע מאַמעס וועט „אַרייַנ־שיסן דעם נומער הונדערט".

ניין און נייַנציק קינדערלעך, וועלכע האָבן, לויט הימלער'ס גזירה, ניט געטאָרט געבוירן ווערן און פון וועלכע עס וועט איצט אויפשטיין א נייער יידישער שטאַם.

און נעמי מאַרקעלס, אַ העלדין פון ווילנער געטאָ, וואָס האָט מיט סוצקעווערן, מיט קאַטשערגינסקין, מיט רחל פּופּקאָ־קרינסקי, מסירת־נפש'דיק אויסבאַהאַלטן די היסטאָרישע אוצרות פון „ייוואָ" פון די בלוטיקע הענט פון ווילי שייפער, דעם געשטאַפּאָניק, נעמי, א מיטגליד פון דער פּארטיזאנער־אָרגאניזאציע, א ניצול געוואָ־רענע פון קאָנצענטראציע־לאַגערן, טראָגט אונז איצט אנטקעגן נייע דריי יידישע אוצרות — אירע ליכטיקע דריי יידישע קינדערלעך.

און אָט גייט, אַ הויכער, אַ שלאַנקער — יצחק צוקערמאַן, אַ זייל פון קיבוץ. פון די צייטן, ווען ער איז געווען „אנטעק", קאָמאַנ־דיר פון וואַרשעווער געטאָ־מורדים, שליח ציבור פון יידן צו דער פּוילישער וועלט, צו דער וועלט פון פארגליווערטע הערצער און פאַר־שטאָכענע אויגן, זענען אים פארבליבן א פּאָר גרויסע שלאָכעצקע וואָנסעס. אָבער דאָס העמדל, פאַרגאַרטלט איבער די הויזן, איז שוין — קיבוציש.

וועגן וואָס טראַכט ער איצט, מעסטנדיק מיט רואיקע טריט די שטעגלעך פון קיבוץ לוחמי הגיטאות? וועגן דעם טעכטערל, וואָס זיין באַרימטע פרוי, צביה לובעטקין פון וואַרשעווער געטאָ, פון דער

קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, האָט אים געבוירן און וואָס האָדעוועט זיך איצט אין קינדער־הויז? וועגן די זעקס טויזנט הינער אין זיין „לול”? וועגן דער תבואה, וואָס הויבט אָן רייפן אויפן פעלד?

אָדער איז ער איצט מיט זיינע דמיונות אויף מילע אכצן, אין שטאָב פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אין לעצטן שמועס מיט מרדכי אנילעוויטש? זעט ער איצט די לעגענדארע קוריערין פרומקע פלאָטניצקאָ? געזעגנט ער זיך מיט מרדכי טענענבוים, איידער יענער פאָרט אַוועק ויך צו שטעלן בראש פון קאַמף אין ביאַליסטאָקער געטאָ? אָדער שרייבט ער מיט „מיקאָלאַי” בערע־זאָווסקין, דעם פירער פון „בונד” לעאָן פיינער, דעם לעצטן הילף־געשריי פון די וואַרשעווער יידן צו די ברידער אין אַמעריקע און ארץ־ישראל?

דו און נעמי און אַנטעק און הונדערטער אַזעלכע ווי דו — וואָס פאר א פארפלעכטונג פון נעכטן, היינט און מאָרגן אין מדינת יש־ראל!

זע איך איצט, שרייבנדיק דעם בריוו, אויך דיין מאַמען, וואָס האָט אַ קראַנקע, אַ שווער־פאַרקריפּלטע, מיט טויזנט ניסים זיך און דיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם מערדערס הענט און האָט זוכה געוועזן צו ברענגען איר קינד צו זיכערקייט, צום ברעג פון חיפה. דיין מאמע — איינע פון אונזערע הארציקע מאמעס... וואָס איז געבראכט געוואָרן צו קבורה שוין צווישן יידן, דאָ אין תל־אביב...

וויפל שטאָלצע טרערן וואָלט זי פארגאָסן, זעענדיק ווי דו ביסט אויסגעוואַקסן, געוואָרן זעלבשטענדיק! און אָט טוסטו שוין אָן דעם אַרמיי־מונדיר און גייסט זיין א וועכטערין פון דער זיכערקייט פון ישוב.

ארמיי־מונדיר... ווי גוט דו ווייסט, געניע, אז עס איז ניטאָ קיין קדושה אין אַן אַרמיי־מונדיר! אונזער פאָלק איז גרויס געוואָרן, האָט אויסגעהאלטן די שווערסטע שטורעמס — אָן ארמיי־אוניפאָר־מען. אונזערע אָפּיצירן און גענעראַלן האָבן ניט געבליצט מיט עפּאָ־לעטן און מעדאַלן — נאָר מיט חכמה, חריפה און טיפער מענטש־לעכקייט. אונזערע גרויסע סטראַטעגן זענען געווען יהושע בן נון און גדעון, דוד המלך און יהודה המכבי, שמעון בר גיורא און בר כוכבא, מרדכי אנילעוויטש, אבראשע בלום און איציק וויטנבערג —

און זיי אַלע האָבן געבויט אויף דער דערהויבנקייט, דער אויסדער־
ווײלטקייט, דער מאָראַלישער לויטערקייט, דעם מסירת נפש און
דעם קדושה־הונגער פון זייערע קליינע מחנות — מער ווי אויף מאַ־
נעווערס, מושטרע, קאַזאַרמע־דיסציפּלין.

און אונזערע שלמה גבירול׳ס און יהודה הלוי׳ס, אונזערע פּרץ׳ס
און ביאַליק׳ס, אונזער יצחק קאַצענעלסאָן האָבן דערגרייכט צו
הימלען, צו וועלכע קיין שום קריג־עראָפּלאַן וועט זיך קיינמאָל
ניט דערהויבן!

און אויב מיר האָבן געליטן צוליב אונזער שוואַכקייט — איז
דען פאַר דעם די סגולה, אַ פּאָר צענדליק טויזנט אייגענע אַרמיי־
אוניפאָרמען?

אונזער פאָלק וועט האָבן אַ קיום נאָר דאַן, ווען — די וועלט
וועט האָבן אַ קיום, ווען זי וועט האָבן אַ „מענטשלעכע צורה". און
מיר וועלן ווייטער אָפּגיין אין בלוט אויב חיה׳שקייט און פעלקער־
מאָרד וועלן ווידער ווערן די „קלוגשאַפט" פון דער וועלט־פּאָלי־
טיק!

און ווער ווייסט עס נאָך אַזוי גוט, ווי דו, אַ קינד פון וואַר־
שעווער געטאָ?

אָבער דו האָסט אויך געזען, ווי וויכטיק עס איז צו האָבן גע־
ווער אין האַנט. אין אַן עת צרה, ווען דער שונא קומט דיר אַנטקעגן
מיט דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, ווען דער חלף בלאַנקט־אויף
מיט זיין שאַרפקייט האַרט ביי דיין האַלז.

ווי הייליק איז דאַן דאָס רעכט אויף פאַרטיידיקונג!

ווייס איך, אַז דו, גענייע, וועסט זיין אַ גוטער זעלנער. דו וועסט
ניט פאַרכליניעט ווערן, ווי אַ טייל פון דיינע ישראל׳דיקע חברים,
מיט דעם, וואָס מיר האָבן שוין ענדלעך יידישע קאַפּראַלן און סער־
זשאַנטן, פּאָלקאָווניקעס און גענעראַלן. דער שאַס פון אַ „יידישער
ביקס" וועט ביי דיר ניט ווערן „די שענסטע מוזיק". אָבער דו
וועסט טאָן דיין פליכט מיט שטאָלץ, זעלבסט־דיסציפּלין און באַ־
וואוסטזיין.

בעט איך, אַז עס זאָל דיר קיינמאָל, קיינמאָל ניט אויסקומען
צו טראָגן דעם אַרמיי־מונדיר פאַר דעם צוועק, צוליב וואָס מונדי־
רן זענען געמאַכט געוואָרן — כדי צו גיין אין שלאַכט.

לאָמיר האָבן שלום אין ישראל. פרידן ביי די גרענעצן. פרידן מיטן אַראַבישן שכן. א שלום אָן זיגער און באַזיגטע. אַ שלום, וואָס וויל היילן וואונדן און ניט פאַראייביקן עוולות, ביטערקייט, שנאה. אַפילו פאַרן פּרייז פון קאָמפּראָמיסן, הנחות.

כדי מען זאָל קאָנען אַרבעטן, אַקערן און זייען, גראָבן און בויען, באַוואָסערן און פלאַנצן.

שיין זענען די פּלאַקאַטן וועגן יידישן חלוץ, וואָס מיט אייך האַנט אַקערט ער און אין דער צוויטער האַלט ער דעם געלאַדע־נעם רעוואָלווער. ראָמאַנטיש קלינגט דאָס ליד וועגן דעם מיידל, וואָס פירט די שאָף פון קיבוץ אויפן פעלד, אַ ביקס איז אריבער־געוואָרפן איבער איר אַקסל און זי זינגט נתן אלטערמאַן׳ס „זמר הפלוגות״ :

את שלום־המחרשה נשאו לך בחוריך
היום הם לך נושאים שלום על חרובים

אָבער אומשטערבלעך — אייביק, וואונדערבאר — יידיש איז פאָרט דאָס פיל־פיל עלטערע בילד, דער גרויסער אלמענטשלעכער פּאָעטישער חזיון, אונזער גרעסטער יידישערביישטייער צו דער וועלט־פּאָעזיע. דאָס גרויסע האָפענונג־ליד פון דער גאנצער שמאכ־טענדיקער מענטשהייט :

און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אקער־אייזנס.
און זייערע שפּיזן אויף צווייג־מעסערס ;
און א פאָלק אויף אַ פאָלק וועט ניט הויבן קיין שווערד,
און מען וועט מער ניט לערנען מלחמה.

די חדשים וועלן גיך פארביי, געניע — אז מען איז יונג לויפן חדשים שנעל־שנעל פארביי! — און דו וועסט אויסטאָן דיין ארמיי־מונדיר און פארנעמען דיין פלאץ צווישן די פרידלעכע בויער פון לאַנד.

זאָל פרידן באגלייטן דיין לעבנס־וועג, דו ניצול געוואָרן קינד פון ווארשעווער געטאָ!

פראָפעסאָר יוסף קלויזנער
ירושלימער אוניווערסיטעט

✡

זייער חשובער פראָפעסאָר קלויזנער:

די אמעריקאַנער צייטונגען האָבן געמאָלדן וועגן א נייעם „אָפּמאַך", וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן אַמעריקאַנער יידן און מדינת ישראל.

איך מיין דאָ דעם אָפּמאַך וועגן דער נייער דרייסיק בענדיקער געשיכטע פון יידישן פאָלק, וואָס וועט געשריבן ווערן בשותפות דורך יידישע היסטאָריקער פון אמעריקע און ישראל.

עס איז זיכער די העכסטע צייט, אז אַזאַ ענציקלאָפּעדישע געשיכטע, מיט דער באַטייליקונג פון אַלע אונזערע בעסטע היסטאָריקער, זאָל דערשיינען. עס איז ממש די עלעמענטאַרע פליכט פון אַ היסטאָריש פאָלק, ווי יידן זענען, צו פאַרמאָגן אַזאַ באמת מאָנומענטאַלע יידישע געשיכטע־אויסגאַבע.

אין דעם באַריכט האָב איך געפונען, אַז איר, חשובער פראָפעסאָר קלויזנער, זענט אויסגעקליבן געוואָרן אין דער רעדאַקציע פון דעם גרויסן ווערק. ווען איך בין געווען ביי אייך אין שטוב, זענט איר געווען עפּעס ניט מיט אַלעמען. בין איך טאַקע זייער צופרידן, וואָס איר האָט זיך שוין געפילט בעסער און געקאָנט זיך אונטערנעמען צו זיין דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער און דעצידירנדיקער תקופה אונזערער — די אלטערטום־צייט, וואו אייער גרויסע קענטעניש איז אלגעמיין אנערקענט.

עס איז באמת אַ זעלטענע קרוינונג פון א לעבנס־וועג פון אן יידישן היסטאָריקער: פונקט, ווען ער ווערט אכציק יאָר אלט, צו ווערן דער מיט־שאַפער פון אַזאַ גרויס היסטאָריש ווערק, וואָס וועט פאַרנעמען א חשובן אָרט צווישן די גייסטיקע דערגרייכונגען פון אונזער צייט!

איך געדענק זייער גוט דעם אָוונט ביי איך, ווען איר זענט געווען פּריינטלעך מיך אויפצונעמען — אַן אומגעריכטן „אורח", וועלכן אייערע (און מיינע) קרובים האָבן מיטגענומען, ווען זיי זענען געגאַנגען אויף זייער שבת־באַזוך צו איך אין שטוב.

עס איז פאַר מיר געווען א טיפע איבערלעבונג איבערצוטרע־טן אייער שוועל, פּראָפעסאָר קלויזנער.

יוסף קלויזנער... דער ס א מ ע ל ע צ ט ע ר פון יענער אומגעווינלעכער צונויפזאמלונג, אין איין ציט, אויף איין אָרט, פון אזוי פיל, פון אַזעלכע גלענצנדע פאָרשטייער פון יידישן גייסט: ח כ מ י א ד ע ס.

א ח ד ה ע ם: קאלטער ראציאָנאליזם, שארפזיניקע גייס־טיקייט — פאַרבונדן מיט עטיש־מאָראלישן פּאַטאָס; טיפסטע יידיש־קייט און אמתער מערב־אייראָפּעאישער הומאניזם, די וואונדער־באַרע קאָמבינאַציע פון מאָדערנעם מתנגד און חסיד.

דער וואולקאַן, וואָס אָט איז ער קאלט — און פּלוצלונג רייסט ער אויף מיט קאָכיקער לאווע. דער פּאָעט, וואָס האָט ווידער אָנגע־צונדן דעם פייער פון די אַלטע נביאים — חיים נחמן ב י א ל י ק.

די ברייטע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו און דער טיפער נא־ציאָנאלער רעיון פון ש מ ע ו ן ד ו ב נ אָ ו ו — רואיקער היסטאָריקער און הייסער פּובליציסט.

די פאָלקסטימלעכקייט פון ר אָ ו ו נ י צ ק י. די צאפּל־דיקייט פון ב ן ־ ע מ י. דער אומרו פון יונגן ר ב צ ע י ר. דער האַרציקער זינגער אויף דריי שפּראַכן — ש מ ע ו ן פ ר ו ג.

מנחם מענדל א ו ס י ש ק י ן — די סטיכיע פון גלויבן.

אַ גאַסט אויף אַ ווייל — דער לויטערער געלעכטער פון פאָלק: ש ל ו ם ע ל י כ ם.

און איבער זיי — דער „זיידע", מ ע נ ד ע ל ע מ ו כ ר ס פ ר י ם, דער גרויסער אריינפירער אין דער מאָדער־נער יידישער תקופה.

און אַפילו נאָך, כדי צו דערמאָנען, אַז סוף כל סוף איז דאָ המ־שך אין יידישן גאַנג, אַז אַפילו ווען איין תקופה רעוואָלטירט קעגן דער פריערדיקער, — איז זי נאָך אַלץ ניט מער ווי דער פּראָדוקט,

די פּאָרזעצונג פון פריערדיקן דור: משה ל י ל י ע נ ב ל ו ם, דער לעצטער פּאָרשטייער פון דעם השכלה־וועג.

און צווישן זיי, ממש דער סאַמע י ו נ ג ס ט ע ר, דער פיל־צוזאָגנדיקער היסטאָריקער פון קליינעם ליטווישן שטעטעלע אַלקעניק, י ו ס ף ק ל ו י ז נ ע ר, וואָס אין זיינע הענט גיט אחד העם באַלד איבער זיין ליבלינג־ווערק — דעם „השלח״.

פאַר מיר און פאר מיין דור איז עס ניט בלויז קולטור־געשיכטע. מיין דור איז דאָך דער פּ ר אָ ד ו ק ט פון יענער שטורמישער קולטור־רעוואָלוציע.

וואָרעם אָדעס איז ניט אליין! אין דער זעלבער צייט זאמלט זיך דאָך צונויף אין ווארשע א צווייטע בוגטע גרופּע יידישע גייסטיקע פירער: נחום ס אָ ק אָ ל אָ ו, דוד פ ר י ש מ א ן, הלל צ י י ט ל י ן, און דער עיקר — דער גרויסער רבי מיט זיינע הסידים: י צ ח ק ל י י ב ו ש פ ר ץ.

און ו י ל נ ע? די אלטע ירושלים דליטא טרעט נאָך ניט אָפּ איר אָרט אין דער מזרח־וואַנט אויך פון דער נייער, וועלטלעכער יידישקייט!

און וויפל יידישע גייסטיקייט זאמלט זיך דאן צונויף אפילו אין די שוין פון פאַלק האַלב־אָפּגעפרעמדטע הייזער פון קאַלטן פּ ע־ ט ע ר ב ו ר ג?

ווי עס ציִנדן זיך פייערלעך אין די פענצטער אין א קאַלטן פינצטערן ווינטער־אָוונט — אַזוי צעצינדן זיך דאָך גלייכצייטיק אַלע שטעט און שטעטלעך פון גרויסן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום! אַ ליכטיקייט פון אויפגעוואכטער יידישער רוחניות גייט אויף איבער מזרח־אייראָפּע!

און עס ענטפערט אָפּ, פון מרחקים, פון צווייטן זייט ים, — נ י ו ־ י אָ ר ק, דער פרישער גרויסער יידישער צענטער, ניט נאָר פון יידישער שווייס און מאַטערניש, נאָר אויך פון גרויסן קול־טור־פאַרמעסט.

און א ו נ ט ע ר ־ ע ר ד! עס עפנט די אויגן די גרויסע דרימלענדיקע האָרעפּאשנע פאָלקס־מאַסע. ווי אויסגעטריקנטע ערד אויפן פעלד נאָך די תמוז׳דיקע היצן גאָרט נאָכן רעגן, אזוי זאפּט איין דער יידישער אַרבעטער אין זיך גיריק, הונגעריק, יעדן קול־

טור־וואָרט, וואָס דער בונדישער „אָראָטאָר" ברענגט. מען גייט פון די „סכאָדקעס" אויף די בוידעמער, פון די געהיימע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד מיט דינע ביכעלעך פאַרבאַהאַלטן אונטערן העמד און מען לייענט ביינאַכט, ביי פאַרמאַכטע לאָדנס:

די אויגן — פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער—זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט.
מיר שטייען ביי א הויכער, געמויערטער וואַנט
מיט זעג און מיט האַמערס און אייזנס אין האַנט —
מיר ברעכן די וואַנט!

ערשט די דיסטאַנץ פון א דור — מיין דור — דערלויבט צו זען די גאַנצע פּראַכט, די פּלוצימדיקע אַנטפּלעקונג פון אוצרות, וואָס דאָס יידיש פאָלק האָט במשך פון לאַנגע יאָרן געזאַמלט אין זיך. אין אַ פּאָר געציילטע יאָרן, ממש א רגע אין אונזער לאַנגער פאָלקס־געשיכטע, איז דאָך דאָס אַלץ אויפגעקומען!

און וואו? אין ביטערן, פאַרשאָלטענעם צארישן גלות! נאָך אַ יאָרהונדערט פון ניקאָלאַיסקע קאַנטאָניסטן און „כאַפּערס". נאָך פּאָביעדאָנאָסצעוו׳ס און איגנאַטיעוו׳ס רשעות. און דווקא ווי א שפּיי אין פּנים די פּלעווע, די סטאָליפּינס, די קרושעוואַנס!

מיט אמתער שטוינונג און מיט יראת הכבוד בויגט זיך א ייד פון מיין צייט פאַר דער גרויסקייט פון דור הראשונים פון יידישן קולטור־רענעסאַנס — א י י ע ר דור, פּראָפעסאָר קלויזנער.

באַזונדערס — ווען ער שטייט צווישן די חורבות פון יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע; ווען דער אש פון זיינע יוגנט־חברים איז צעשפּרייט איבער די פעלדער פון פּוילן.

יאָ, איך ווייס, אַז יענע תקופה פון פאָלקס־אויפלעבונג האָט אויך אריינגעבראַכט שפּאַלטונגען, מחלוקות אין יידישן לעבן. איז די מערהייט פון אָדעסער קרייז סוף כל סוף אוועק צו העברעאיש, צו ארץ־ישראל — האָבן אין וואַרשע און אין ווילנע געגומען די אויבערהאַנט די חובבי־יידיש און די סאָציאַליסטישע גלויבער אין יידישן קיום א ו מ ע ט ו ם. האָבן אין ניו־יאָרק זיך צעזונגען פּאָעטן אויף י י ד י ש מיט אַזאַ לויטערקייט און שיינקייט, אַז די וועלט איז נשתומם געוואָרן.

אוודאי האָב איך געוואוסט, אַריבערגייענדיק אייער שוועל, אַז

איר, פראָפעסאָר קלויזנער, האָט אייער לעבן פארבונדן מיטן אויפ־בלי פון עברית, אַז איר זענט געווען און זענט נאָך ביז צום היינטי־קן טאָג דער פאָנען־טרעגער פון סאַמע עקסטרעמסטן העברעאיזם.

פון דעסטוועגן — זייט מוחל די אויפריכטיקייט מיינע — האָב איך זיך ניט געריכט, אַז אייער העברעאיזם זאָל דערגיין דערצו, אַז איר זאָלט ניט וועלן אויסרעדן ק י י ן א י י ן װ ו אָ ר ט צו א באַזוכער פון אַמעריקע, וואָס רעדט פונקט ניט עברית — נאָר רעדט יידיש. אַז איר זאָלט בעסער געדולדיק וואַרטן, ביז אונזער געמיינזאַמער קרוב וועט פריער איבערזעצן אייערע רייד צו מיר פון העברעאיש אויף יידיש און דערנאָך מיינע ווערטער פון יידיש אויף העברעאיש.

אַפילו ווען עס איז אויסגעקומען צו רעדן וועגן אַן ענין, וואו איך בין א שטיקל „פאַכמאַן" און איר — אַ דירעקט־פאַראינטערע־סירטער! אויך ווען דער געשפּרעך איז אַריבער צו געוויסע גע־זונטהייטס־פּראָבלעמען אייערע און איך האָב גערעדט וועגן די הייל־מיטלען, וואָס מען נוצט אין אַמעריקע — אויך דאַן האָט איר ניט געוואָלט פאַרפירן קיין דירעקטן שמועס. איר האָט איבערגע־לאָזט די עבירה פון מטמא זיין די ליפּן מיטן טריפה'ען יידיש צו דעם „שבת־גוי", דעם קרוב אונזערן...

דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, ביי מיר אַ היפּש ביסל צעשטערט די איבערלעבונג פון באַזוך ביי אייך אין שטוב.

איך טראַכט וועגן אייער האנדלונג, אַט דער בולטער מאני־פעסטאַציע פון פאַנאַטישן העברעאיזם, זייער אָפט.

באַזונדערס, ווייל עס איז דאָך געקומען מצד א היסטאָריקער — טאָקע איינעם פון די וויכטיקסטע היסטאָריקער פון אונזער פאָלק!

קאָן זיין, אַז איך פאַרשטיי ניט גוט די פאָלקס־באַדייטונג פון היסטאָריע, פון געשיכטע־פאָרשונג. פאַר מיר איז עס — די אַנט־פּלעקונג פון דער כסדרדיקער, ניט־צעריסענער קאָנטינואיטעט פון פאָלקס־לעבן. די פאָלקס־געשיכטע איז א קלאָרער באַווייז, אַז דורך אַלע זיגזאַגן פון גורל האומה גייט דורך דער בינדנדיקער רויטער פאָ־דעם פון המשך, פון אָרגאַנישער פאַרבינדונג פון איין תקופה מיט דער צווייטער. עס איז — און דאָס איז באַזונדערס וויכטיק אין

א ו נ ז ע ר  געשיכטע — דער אַנאַליז פון די כוחות, וואָס האָבן געהאָלפן אויפהאַלטן דאָס יידיש פאָלק צווישן צוויי טויזנט יאָר שטורעמס; די אויפציילונג — זאָרגפעלטיק, מיט ליבשאַפט — פון א ל ע  פאַרמען, אין וועלכע יידישער גייסט, די שעפערישע כוחות פון פאָלק זענען געקומען צום אויסדרוק, האָבן זיך מאַניפעסטירט פאַר דער וועלט.

פאַרשטיי איך שלעכט וואָס יידישע געשיכטע און יידישע געשיכטע־פאָרשונג זענען?

טאָ ווי קאָן מען דאָן אַרויסוואַרפן די טויזנט־יאָריקע יידיש־תקופה און מבטל מאַכן אַלץ, וואָס ווערט  ה י י נ ט  געשאַפן אויף יידיש?

ווען איך בין געווען ביי אייך אין הויז האָט איר גערעדט וועגן אַ נייער פאָרשונג, צו וועלכער איר נעמט זיך: אָנצושרייבן די געשיכטע פון ווידערשטאַנד־קאַמפן ביי יידן.

איר האָט ממש אָנגעצונדן אייערע פאַר צוהערער מיט אייער יוגנטלעכן ברען.

אָבער איצט, ווען איך טראַכט וועגן דער דאָזיקער באמת וויכטיקער פאָרשונג־אַרבעט — קריג איך מורא.

איז וואָס וועט זיין, ווען איר וועט צוקומען צום אָנהויב פון דער מאָדערנער יידישער ווידערשטאַנד־תקופה, צו דער צייט ווען איר אליין האָט אָנגעהויבן שטעלן אייערע טריט אלס היסטאָריקער, צו יענער געשעעניש, וואָס האָט בשעתו אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע רוסישע יידנטום — צום שמייסן פון יידישע אַרבעטער אין ווילנע אין 1902, צו מעשה לעקערט, און איר וועט לייענען די שורות געשריבן פון נח, דעם לעגענדאַרן אָנפירער פון אומלעגאַלן בונד.

„יידישע אַרבעטער! ווי אזוי וועט איר ענטפערן אויף דער שענדלעכער באליידיקונג? איר האָט שוין לאנג באוויזן, אז איר האָט אויפגעהערט צו זיין די פריי־ערדיקע אונטערטעניקע שקלאַפן, אז איר האָט דערוואכט צו א נייע לעבן, צו אַ לעבן פון פרייע בירגער. ווייזט איצט נאָך אמאָל די תלינים פון צאר, אז איר זענט גרייט צו פאַרטיידיקן אייער מענטשן־ווירדע, אז

אויף די גוואלט־טאמן פון די צארישע משרתים זענט
איר גרייט צו ענטפערן מיט גוואלט־טאמן!".

וועט איר, פראפעסאר קלויזנער, ארויסווארפן פון אייער היס־טארישער פארשונג אט דעם ערשטן יידישן רוף צו ווידערשטאנד נאך דורות פון הכנעה, פון שתדלנותדיקער קריכעריי — ווייל ער איז געשריבן געווארן מיט די טומאה׳דיקע ווערטער פון דער יידי־שער שפראך?

און ווען דער יידישער ארבעטער האט זיך אפגערופן, ווען עס איז מקוים געווארן דער אנזאג פון דער אומלעגאלער פראקלא־מאציע, אז

„פון דער טיפעניש פון יידישן פראלעטאריאט וועט אויפשטיין א ראכע־נעמער וואס וועט נקמה נעמען פארן שענדן פון זיינע ברידער".

— צי וועט איר אויסמעקן פון אייער בוך דעם ערשטן מאדער־נעם יידישן ווידערשטאנד־קעמפער? די יידישע מאסע האט זיין באמען איינגעוויקלט אין לעגענדעס. מאמעס האבן געזונגען צו זייערע קינדער אין די ווינדעלעך:

„אוי, ברידער, איר זאלט מיך ניט פארגעסן —
דעם שטריק, וואס מ׳האט פארווארפן אויף מיין האלז!
א צוואה, ברידער, וועל איך אייך איבערלאזן,
אז ראכע זאלט איר נעמען פאר אלץ"

— וואס וועט איר טאן? אדורכלאזן הירש לעקערט׳ן, ווייל פראקלאמאציעס אויף יידיש האבן אין אים אויפ־געוועקט דעם ווידערשטאנד־גייסט און ווייל ער, הירשקע, דער פראסטער שוסטער־יונג, האט קיין עברית ניט געקענט?

מען דארף דאך אייך, פראפעסאר קלויזנער, ניט דערמאנען, ווי אזוי ענלעכע פראקלאמאציעס אויף יידיש האבן מיט דריי און פיר יאר שפעטער ניט איין הירש לעקערטן, נאר די גאנצע יידישע פאלקס־מאסע ארויסגעפירט אויפן אפוועך־פראנט, ווען שטאט און שטעטל איז פול געווארן מיט די יידישע „באיעוואיע אטריאדן", די „סאמאבאראנעס". יידיש לשון איז דאך דאן געווען דער אינסטרו־

מענט, וואָס האָט דאָס פאָלק פארוואַנדלט אין א ווידערשטאַנד־מחנה!

מײַן דור קען עס נאָר פון לייענען — איר אָבער האָט עס דאָך אַלײן איבערגעלעבט!

דערפאַר אָבער וואָלט איך אײַך געקענט איבערגעבן וויפל ווידערשטאַנד־כוחות מיר האָבן געצויגן פון אונזער מאַמע־לשון אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אין פוילן, ווען די שוואַרצע כוחות האָבן אונז געדריקט, געפייניקט, געוואָלט דערני־דעריקן. ווי מיר האָבן זיך געקלאַמערט אָן יידיש, אונזער אוצר, אונ־זער שטאָלץ, דעם קוואַל פון אונזער פרייד. איר זענט אין פוילן ניט געווען — און איר ווייסט ניט אַזוי גוט, ווי אַזוי יעדעס יידיש ביכל, וואָס א בחור, אַ מיידל האָבן געטראָגן אונטערן אָרעם, איז געווען — געוואָר אין קאַמף קעגן די כוחות פון פאַרניכטונג. ווי אַזוי די אָרעמע פאָלקס־ביבליאָטעקל אין קליינעם שטעטל איז געווען דער פאַרטיידיקונג־צענטער קעגן די שונאים; ווי אַזוי יעדע יידישע פאָרלעזונג, יעדע טעאַטער־פאָרשטעלונג, האָט מאָביליזירט די קאַמפס־כוחות פון פאָלק.

און אוודאי קענט איר האָבן בלויז א בלאַסע אַנונג וועגן דער גרויסער נאַציאָנאַלער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס האָט געהייסן — די יידישע פאָלקס־שול, וועגן די נאָמענלאָזע אָנפירער פון ווידערשטאַנד — די הונגעריקע יידישע פאָלקס־לע־רער, וועגן דער מחנה יונגע קעמפער — די יידישע פאָלקס־שילער, די יידישע יוגנט.

אָ, איך ווייס, אז איר, פראָפעסאָר קלויזנער, זענט א קעגנער פון סאָציאַליזם.

גלויבט מיר אָבער, אז ווען איבער די פוילישע גאַסן, צווישן געדיכטע רייען פינצטערע סטודענטישע כוליגאַנעס און אונטער־וועלט־באַנדיטן, האָט מאַרשירט די יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט, מיט אירע הימל־בלויע בלוזעס און רויטע האַלז־טיכער און די מוי־ערן האָבן געציטערט פון זייער יידיש־געזאַנג:

דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן, ווי נאָר די זון דערשיינט,
פאַרנעמען מיר די וועגן — זאָל ציטערן דער פיינט!

— איז עס געווען יידישער ווידערשטאנד־גייסט אין דער רייב־סטער, אין דער דערהויבנסטער פאָרם!

און אזוי דארף עס דאָך פארשריבן ווערן אין פנקס פון יידישן ווידערשטאנד!

איז געשיכטלעך דאָס אַלץ אויסצומעקן? קאָן מען גאָר טראַכ־טן, אז אין מדינת ישראל זאָל אויסוואקסן א יוגנט, וואָס זאָל וועגן דעם אלעמען ניט וויסן, וואָס זאָל האָבן ניט דעם יראת הכבוד פאַר דעם וואונדער פון ווידערשטאנד, וואָס יידיש לשון האָט ארויסגעכי־שופט פון יידישע הערצער — נאָר גאָר אייער שנאה צו אָט דער פאָלקס־שפראך?

איך וויל ניט אין מיין בריוו צו אייך שרייבן לענגער וועגן אונ־זערע סאמע פרישסטע, נאָך אַלץ בלוטיקנדיקע וואונדן.

פריער האָט מען אין רוסלאנד פארניכטעט די טרעגער פון העברעאישן לשון. און דערנאָך זענען די יידיש־זינגער אומגעקומען, אין שגעון, אין זעלבסטמאָרד, אין די וויסטע שקלאפן־לאגערן.

פארבונדן אין איין טויט־גורל.

און אין וואַרשע, אין די פלאַמען פון ברענענדיקן געטאָ, האָבן זיך ארומגענומען דער תלמיד פון דער תרבות־שול מיטן תלמיד פון דער יידישער צישא־שול — אין לעצטן ווידערשטאנד, אין קידוש העם.

צוזאַמען.

און דער אכצן־יאָריקער ווילנער ייִנגל, הירשקע גליק, האָט פון די געטאָ־ווייען אויסגעהאַמערט ווערטער, וואָס זענען ווי אַ הייליקע שבועה זיך צעגאַנגען איבערן גאנצן פאָלק און פון היינט אָן — אויף אַלע דורות! — וועלן זיי זיין דער הימן פון יידישן ווי־דערשטאנד:

„זאָג ניט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"

קאָן עס גאָר געמאָלט זיין, אז איר, פראָפעסאָר קלויזנער, זאָלט ניט אוועקשטעלן אָט די גרויסע יידישע ווערטער אויבן־אָן, טאַקע גלייך אויף דער פאָדער־בלאַט פון אייער געפלאנטן בוך וועגן דער געשיכטע פון יידישן ווידערשטאנד — ווייל איר קאָנט ניט פאַר־טראָגן אַפילו איין וואָרט אויף יידיש?!

וועט איר ניט איינזען, איר, דער מחבר פון „הרעיון המשיחי

בישראל מראשותו ועד״ — אז אַט די יידיש־זינגער מיט דער תליה־שטריק אויף זייערע העלזער, אַז זיי זענען עס געווען די א מ ת ע משיח־טרעגער אין אונזער טראגישן „עד״?

אָבער, טענה'ען אנדערע, דאָס איז דאָך אלץ נ ע כ ט ן. און וואָס איז מ׳טן היינט? און וואָס איז מיטן מאָרגן?

טאקע וועגן דעם גייט עס דאָך! וועגן ה י י נ ט פון מדינת ישראל און וועגן איר מ אָ ר ג ן.

איך וועל וועגן ה י י נ ט זייער ווייניק שרייבן. איר, דער יידישער היסטאָריקער, ווייס דאָך אמבעסטן, אַז אין דער געשיכטע פון אַ פאָלק איז דער היינט בלויז דער קורצער פארבינדונג־צייכן צווישן נ ע כ ט ן און מ אָ ר ג ן.

בין איך אוודאי געווען צופרידן, אַז יידיש האָט היינט א בע־טערע מערכה אין מדינת ישראל, ווי מיט א פאָר יאָר צוריק. אַ סך, אַ בעסערע מערכה, ווי איר, פראָפעסאָר קלויזנער און אייערע תל־מידים וואָלטן געוואָלט. די אייזערנע כוחות פון לעבן, זעט אויס, זענען שטארקער, ווי די פארניכטונג־באמיאונגען פון גדוד מגיני השפה.

מען האָט מיר געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט געקומען מיט א צוואנציק יאָר צוריק — דאן וואָלסטו ערשט געזען וואָס גיפטיקע שנאה צו יידיש מיינט!

דארף מען, אוודאי, באגריסן, וואָס יענער ווילדער האס איז א ביסל געצוימט געוואָרן, איז פארטריבן געוואָרן פון דער אויבער־פלאך, וואָס די אָפיציעלע באציאונג פון די מלוכה־פירער איז גע־וואָרן א ביסל אן אנדערע.

איך האָב מיינע צאָלרייכע געשפּרעכן אין מדינת ישראל גע־פירט אויף יידיש. איך האָב אויף יידיש גערעדט מיט אַלטע וותי־קים, די פעלזן, אויף וועלכע עס האלט זיך דער יידישער בנין. איך האָב ניט נאָר געקוואָלן פון דעם פרישן, ריינעם יידיש, וואָס זיי, די הייסע ציוניסטן, די פאַרברענטע העברעאיסטן, האָבן איינגעהאלטן במשך פון אַזוי פיל צענדליקער יאָרן. איך האָב אויך געזען די פארבאַהאַלטענע פרייד וואָס דאָס רעדן יידיש האָט ביי זיי אַרויס־גערופן, די צופרידנקייט מיטן זאַפטיקן יידישן אידיאָם, דעם שאַרפן יידישן גלייכווערטל.

אָבער עס פעלן ניט אין לאַנד מענטשן, וואָס ניט נאָר טראָגן זיי אַליין אין האַרצן אַ קרענקלעכן האַס צו יידיש, נאָר זיי זייען דעם האַס צווישן דער באַפעלקערונג, באַזונדערס צווישן דעם יונגן דור.

אָט די האַס־פאַרשפרייטער רייסן איבער דעם אַזוי אויך דינעם בונד צווישן מדינת ישראל און די תפוצות ישראל! זיי באַשמוצן אַ גרויסן אוצר פון פאָלק — פון גאנצן פאָלק.

זיי זענען דעריבער פאָלקס־שעדיקער!

און דער עיקר — זיי שטעלן אין געפאַר די צוקונפט פון מדינת ישראל. זיי דראָען איבערצורייסן דעם געשיכטלעכן גאנג פון יידישן פאָלק, די כסדרדיקע פאַרבינדונג פון דור צו דור, פון לאַנד מיט לאַנד.

וואָרעם וויל מען האָבן אַ יוגנט, וואָס זאָל זיין באמת פאַראַנקערט אין דער יידישער געשיכטע — און איר, פּראָפעסאָר קלויזנער, ווייסט דאָך אמבעסטן, ווי דין דער שיכט פון אַזאַ יוגנט איז איצט אין מדינת ישראל! — דאַן מוז מען פאַר איר עפענען די יידיש־אוצרות!

וויל מען, עס זאָל אויפוואַקסן אַ נייע יונגע פירערשאַפט, וואָס זאָל קאָנען קומען צו די יידן פון דער וועלט און רעדן צו זיי אַזוי, אַז מען זאָל זי קאָנען פאַרשטיין מיט די פעדים פון הארצן, מיט אַלע נשמה־וויברירונגען — מוז מען אָט די צוקונפטיקע פירער אויסלערנען יידיש.

מוז מען איינפירן דעם יידיש־לימוד אין אייערע שולן!

יאָ, ניט נאָר די תפוצות ישראל דארפן האָבן דעם קיום פון יידיש לשון. ישראל דאַרף עס ניט ווייניקער פון זיי!

נעמט אַוועק די יידיש־יידן פון „גלות" — און מדינת ישראל בלייבט שטיין כמעט אָן איזאָלירטע פון יידישן פאָלק.

און נעמט אוועק פון דער אָנפירונג פון מדינת ישראל די פאָלקסטימלעכע יידן פון דער אַלטער היים, די בן־צבי'ס און שפּרינצאַקס, מיט וועלכער אַ יידיש־ייד קאָן זיך פילן היימיש, וואָס האָבן, פונקט ווי מיר, הנאה פון דער שיינקייט און אינטימקייט פון יידיש לשון, וואָס קענען דאָס יידיש קולטור־לעבן, די יידישע קולטור־אוצרות — און שטעלט אויף זייער אָרט אוועק אייערע תלמי־

דים, פּראָפעסאָר קלויזנער, וואָס איגנאָראַנץ פון יידיש, יידישע ליטעראַטור, יידישע קולטור איז ביי זיי אַ יחוס, וואָס דעם מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס, וועלכן זיי טראָגן אין זיך, ווילן זיי קאָמפּענסירן מיט אַ האָס צו די הויכע קולטור־טורעמס פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס צו זייערע הויכן קאָנען זיי זיך, נעבעך, ניט דערהויבן —

און איר וועט האָבן אַ געשיכטלעכע מאַנסטראָזיטעט, אַ יידישן שבט אָן אַ „טאַטן" און אָן אַ „מאַמען", עפּעס אַ משונה'דיקער צווייג אויפן אַלטן יידישן בוים, וואָס מיר אַלע, די יידן פון די אַנדערע קיבוצים, וועלן קוועטשן מיט די פּלייצעס קוקנדיק דערויף און מיר וועלן זיך זאָגן:

— וואָס פאַראַ שייכות האָט אָט די „פרי" מיט אונז?

---

איך ווייס, פּראָפעסאָר קלויזנער, אַז דווקא איר, דער סאַמע הארטנעקיקסטער פון די חובבי עברית, זענט אפשר דער ערגסטער „אַדרעס", צו וועמען די תרעומות פון איינעם, וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אויף יידיש, וואָס איז גייסטיק רייכער געוואָרן דורך יידיש, זאָלן דאַרפן געשיקט ווערן.

אָבער דאָס יידיש־פּראָבלעם אין מדינת ישראל דאַרף מען ניט, טאָר מען ניט זען בלויז אין ליכט פון מאָמענטאַנע, אַקטועלע באַדינגונגען! מען מוז עס באַטראַכטן אין גרויסע ה י ס ט אָ ר י ש ע פּ ע ר ס פּ ע ק ט י װ ו ן:

די פּערספּעקטיוו פון טויזנט יאָר יידישער דערהויבנקייט — אויף צוריק;

און פאָרויס — די צוקונפט, וואָס הויבט אָן ארויסשיינען דורך די נעפּלען אויף הרי יהודה, הרי אפרים, די בערג פון נגב.

דעריבער מיין בריוו צו א י י ך — דעם יידישן ה י ס ט אָ ר י ק ע ר.

אָדרי און יאָסל בערגנער
רחוב המדרגות
צפת

טייערע אָדרי און יאָסל:

נעמט צו מיין האַרציקסטע באַגריסונג, מיינע גליק־וואונטשן צום געבורטס פון אייער טעכטערל הינדעלע.

אָדרי — אַ מאַמע, יאָסל — אַ טאַטע און אַ קליין עופה׳לע צווישן זיי, אין דער פאַנטאַסטיש־עקזאָטישער מאָלער־דירה אויף רחוב המדרגות אין דער נאָך מער פאַנטאַסטישער, ממש אומרע־אַלער שטאָט צפת..

דערמאָן איך זיך, ווי איך האָב דיך צום ערשטן מאָל געזען, אָדרי, אין דער צפונדיקער שטאָט מאָנטרעאַל. ביסט אַראָפּגעקומען — אַ פרעמדע, יונגע פרוי פון אַ ווייטן שטאַם, אַ טאָכטער פון אויסטראַליע. הינטער דיר — ווער ווייסט וויפל דורות שטאָלצע, אין זיך פאַרשלאָסענע שאָטלענדער?..

און לעבן דיר — יאָסל, אַ צאַפּלדיקער יידישער בחור פון נאָ־וואָליפּקי גאַס אין וואַרשע. אַ מאָלער פון יידישן שטעטל. אילוס־טראַטאָר פון יצחק לייבוש פרץ. און דער עיקר — וואָס זיין פּענזל קען איצט מאָלן בלויז געטאָ־ווענט, שריפה, אומקום.

און דו מאָלסט גאָר שטילע פּראָנצויזישע פּייזאַזשן. שאָטנדיקע פּאַריזער געסלעך מיט קרומע שילדן.

אויף זיינע וואַנדער־וועגן האָט יאָסל, אומרו־בן אומרו, וואָג־לער־בן וואָגלער, דיך באַגעגנט — און פאַרכאַפּט, אַוועקגעצויגן פון אויסטראַליע, פון פּאַריז צו אונז אויף דער יידישער גאַס.

ניט בלויז יאָסל, דיין מאַן.

עס האָט דיך אַ ריס געטאָן צו זיך אונזער יידישע גייסטיקייט. דו האָסט געגאַפּט הערנדיק טויזנט יאָריקן יידישן געלעכטער — געוואָרפן אין פּנים טויזנט יאָר פּייניקונגען. דערנאָך האָסטו זיך

צוגעכאַפּט צו פּרץ׳ן. עס האָבן דיך פאַרכאַפּט די קליינע יידעלעך מיט די גרויסע נשמות.

האָבן אייך די מאָלער־וועגן שפּעטער אָוועקגעפירט קיין תל־אביב. און פון דאָרט — צו דער מאָלער־קאָלאָניע אין צפת, צו דעם אַלטן חרובן הויז, וועלכן איר האָט מיט די אייגענע הענט אויפגעראַמט.

און ווייטער — ווייטער קומען אויסשטעלונגען, „תערוכת תמונות י. בערגנער ב. אדרי״, אין תל־אביב, אין חיפה, אין אַנדערע שטעט. יאָסל געווינט פּריזן אויף דער לאַנד־אויסשטעלונג פון די מאָלער פון ישראל. און אָדרי, די טאָכטער פון די ברייטע, רחבות־דיקע פעלדער פון אויסטראַליע, האָט זיך גאָר פאַרליבט אין צפת, דער אַלטער שטאָט פון מקובלים. אַנשטאָט די בלאַנק־נייע הייזער פון מעלבורן — די אַלטע חורבות, די האַלב־פאַרשאָטענע קעלערן. אַנשטאָט די פריילעכע מוידן און יונגען פון דער אויסטראַליער פאַרם — די כאַמע לעצטע מקובלים, טאַקע באמת „דרא בתכאי״, דער לעצטער דור פון יאָרהונדערטער יידישן טיפסטן גלויבן, דבקות וואָס גייט איבער אין התלהבות און פון התלהבות צו וואָרזעערײַ און פון וואָרזעערײַ צו נבואה — וואָס דאָס קליינע באַרג־שטעטל אין גליל העליון איז געווען זייער וועלט־צענטער.

און אפשר — נאָך ניט דער לעצטער דור? ווייל אָט מאָלט איר גאָר ביידע קליינע יידישע קינדער פון צפת. ברענען ניט אין זייערע אויגעלעך די פלעמעלעך פון אַמאָל? ציען זיך ניט זייערע נשמות צום זעלבן אייביקן מענטשלעכן תיקון? שפּריצן ניט פון זייערע הערצלעך די זעלבע „ניצוצין״, וואָס דער אר״י הקדוש האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען מיט פיר הונדערט יאָר צוריק?

אויב אַזוי — איז עס דאָך ניט דער לעצטער דור!

זאָגן גאָר די קונסט־קריטיקער, אַז זעלטן ווען איז אַזוי געלונגען אַרויסצוברענגען דעם וואונדער „צפת״ ווי אָדרי׳ן.

צפת... צ׳בי פ׳אר ת׳פארת... עס איז ניט גלאַט אַן אַלטע, אַ היסטאָרישע שטאָט, ווי רוים און אַטען, ווי פּאַריז און לאָנדאָן. צפת איז ניט בלויז אַ שטאָט פון מיסטיקער. צפת איז מיסטעריע אַליין.

קוקט פון מירון אַריבער די הייל פון ר׳ שמעון בר יוחאי. דאָס

איז דער אָנהויב. דאָ פּאַרבינדט זיך צפת מיט יידישער געשיכטע. דער לעצטער פון די בעלי משנה. פון אברהם אבינו צו משה, איי־בער שמואל און דוד און שלמה, דורך די נביאים, דורך עזרא און נחמיה — צו הלל און שמאי און רבי עקיבא — ציט זיך א ניט איי־בערגעריסענע קייט.

און דאָ הויבט זיך אָן, טאַקע ביים זעלבן קבר פון בעל־זוהר, דעם, וואָס האָט דאָך שוין מיט זיינע אייגענע אויערן געהערט די טריט פון גואל — דער ווייטערדיקער וועג: צו גייסטיקער אויס־לייטערונג, וואָס האָט ניט, וואָס קאָן ניט האָבן קיין ענד, וואָס וועט זיך ציען ביז צום סוף פון אַלע טעג, ביז צום קץ, אויף וועלכן די מקבלים פון צפת האָבן אַזוי געוואַרט, וועלכן זיי האָבן, דורך הת־פשטות, דורך העליות ניצוצין, געוואָלט דערנענטערן.

ווייס איך ניט, וויפל, ווי טיף איר האָט זיך ארייגגעלאָזן אין די טיפקייטן פון צפת׳ער קבלה — אָבער אין צפת דאַרף מען גאָר ניט שטודירן קבלה. מען פילט דאָך די קבלה אין דער לופטן! די מקובלים פלעגן דאָך זאָגן: כל חדר בצפת יש לו יתרון על כל שאר ארץ־ישראל. דאָ ווערט מען מוכן ומזומן אויפצונעמען אַלע סודות פון דער תורה. אָט די שטאָט איז ראויה מען זאָל אויף איר מאַכן די ברכה: ברוך שחלק מחכמתו ליראיו״.

האָט זיך דען ניט פון אָ געסל, אַזוי ווי אייערס, א הויב געטאָן מיט פיר הונדערט יאָר צוריק דער געוועזענער מאַראַן שלמה מל־כו, האָט אַ געשריי געטאָן: כי באו קץ הימין! און זיך געלאָזן צו דער אַלטער בריק איבערן טייך טיבער, ביים וואַטיקאַן אין רוים, און איז דאָרטן דרייסיק טעג און נעכט געזעסן אָנגעטאָן אין טראַנ־טעס, צווישן קרעציקע בעטלער, און געהאָפט, אַז ער וועט צווישן זיי דערקענען משיח בן יוסף?

האָט ניט אין אַזאַ טונקעלן צימער, ווי אייערער, רב יוסף קארו צוואנציק יאָר, טאָג און נאַכט, ביים שיין פון א ליכטל, געשריבן פריער זיין גרויסן „בית יוסף״ און דערנאָך דעם שולחן ערוך, וואָס דורות האָבן אים, אָן שום אויסערלעכער צוואנג, אָנגענומען פאַר אָן אָנהאַלט דורך אַלע דערנער־וועגן פון יידישן לעבן?

און פּרייטיק צונאַכט! ערב שקיעת החמה גייט רב שלמה אל־קביץ ארויס מיט די מקובלים אויף די צפתער בערג און זיי גרייטן

זיך אויפצונעמען די שבת מלכתא. און זיי פליעסקען מיט די הענט און זיי נעמען זיך אַרום און זיי טאַנצן התלהבות׳דיק און עס שטראָמט פון זיי אַרויס אַ ליד, אַ הימן, וואָס זינגט ניט וועגן מאַרשן און געווער, וועגן מלחמות און זיגן — אַ הימן, וואָס האָט באַגייסטערט יידן קיילעכדיקע פיר הונדערט יאָר.

לכו דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה...

עס האָט אייך ביידן אימפּאָנירט ביי פּרץ׳ן ר׳ שלמה׳ס אומגעווינלעכער געשריי:

— שבת זאָל זיין!

דאָ, טאקע אין צפת, איז אָט דער רוף אויפגעגאנגען! דאָ איז ער אויפגעהויבן געוואָרן צו אַן אידעאַל, צו אַ לעבנס־ציל פון גאַנצן פאָלק:

כלו שבת!

און א ביסל אין א זייט גייט, ארומגערינגלט מיט צען אויסגעוויילטע תלמידים, עשר חברים קדושי עליון, מיטן געטרייען ר׳ חיים וויטאל בראש — די פאַנטאסטישע געשטאַלט פון אלקהי רבי יצחק לוריא, דער אר״י הקדוש אליין ,אָנגעטאָן אין פיר ווייסע בגדים — לויט די פיר אותיות פון שם המפורש.

האָט ער דערציילט די אגדה, אין א פרייטיק פארנאכט פלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו זיינע חברים:

— לאָמיר גיין מקבל זיין מלכה שבת אין ירושלים!

האָבן טייל תלמידים געזאָגט: מיר גייען! אָבער אנדערע זענען נשתומם געוואָרן און האָבן געענטפערט: מיר מוזן פריער גיין אָנזאָגן אונזערע ווייבער.

איז דער אר״י הקדוש בלייך געוואָרן און זיך פאנאנדערגעוויינט:

— אוי, ווען איר וואָלט זוכה געווען, ווען איר וואָלט אַלע מיט מיר געוואָלט גלייך גיין מיט שמחה גדולה — אין דער רגע וואָלט דאָך אויסגעלייזט געוואָרן דאָס גאַנצע פאָלק!...

און אין שטילע געשפרעכן ציען זיי זיך, דער אר״י און די גורי האר״י, צו די טיפע סודות פון אונזער זיין. טאַקע אַראָפּקוקנדיק פון דעררווייטן אויפן בלויען ים כנרת דערפילן זיי דעם גרויסן, טיפן פילאָזאָפישן אמת —

אַז „אדם קדמון" און „שכל הנעלם" זענען אייגנטלעך איינס

און דאָס זעלבע. און במילא איז דאָס די סיבה פון אַלע ווייטערדיקע סיבות.

דאָס איז צפת!

איז דאָס אַלץ — לעגענדע, מיט שטויב־באַדעקטער עבר, באַגראָבן אונטער די חורבות פון היינטיקן צפת?

אָ, ניין!

וואָרעם אויב „מקבולים" הייסט ניט בלויז גלויבן אין קאַבאַליסטישע ציפערן, גמטריאות, געהיימע שפּרוכן — נאָר מיינט: מיט דער גאַנצער נשמה שטרעבן צו אויסלייזונג; אויב דאָס באַדייט וועלן אראָפּברענגען דעם גואל מיטן כוח פון אייגענער אויסגעלייטערטקייט, פארן פּרייז פון אליין זיך אָפּזאָגן פון גשמיותדיקע פאַרגעניגנס און פון מקריב זיין דאָס גאַנצע לעבן פאַר אָט דעם גרויסן ציל — דאַן איז „צפת" לעבעדיקע רעאַליטעט.

די וועלט פון די אלטע מקובלים איז טאַקע אָפּגעשטאָרבן. דער אלטער בית עלמין, וואָס שוין דער אר"י האָט געזאָגט, אַז דאָרטן ליגן כפל כפלים כיוצאי מצרים, צדיקים קדושים וגאוני עולם — ער איז פאַרוואַקסן מיט ווילדע גראָזן. די אַלטע בתי מדרשים, די צוויי הייליקע שולן פון אר"י הקדוש — זיי פוסטעווען. גאַנץ צפת איז איצט — חורבה איבער חורבה.

בליען בליט איצט דאָס יידיש לעבן אין תל־אביב און חיפה, אין ירושלים און אין באר־שבע, אין אפיקים און עין השופט, אין חדרה און נהלל — און ניט אין צפת, ניט אין טבריה.

אָבער אין פאָלק האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו לעבן די בענקשאַפט נאָך גאולה. אין יעדן דור — אין אַן אַנדער פאָרם. אָבער אַלעמאָל — ניט דורך גוואַלט, ניט מיטן כוח פון ביקס, נאָר דורך אָנצינדן אין זיך גופא א פלאַם, וואָס רייניקט, דורך לעבן שוין היינט מיט דער שיינקייט פון משיח'ס צייטן.

אין אָט דעם זין איז דאָך א. ד. גאָרדאָן און י. ח. ברענער פאַרבונדן מיט די גורי האר"י. איז דער פאַרמעסט צו לעבן אין דער פאַרשאָלטענער תקופה פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ניט מיטן גייסט פון האַס און רויב, פון ליגן און שווינדל און אויסנוצונג, נאָר אין חברשאַפט, שותפות און פרייער אַרבעט, איז דגניה און עין

חרוד, איז דער קיבוץ, דאָס לעבן שוין היינט אין דער וועלט פון סאָציאַליסטישן מאָרגן — פאַרקניפּט מיט דער שבת־בענקשאַפט, וואָס איז אויפגעקומען אין צפת.

שטייט דאָס איצט אַלץ אין קאָן?

דאָס, מיין איך איז אפשר די גורלדיקסטע פראַגע פון מדינת ישראל!

וואוהין וועט גיין דאָס יידיש לעבן אין דעם לאַנד, וואו אייער קינד איז געבוירן געוואָרן?

וועט מען זיך פאַרמעסטן, אויפן אָרט פון דער אַלטער יידישקייט, אויפצושטעלן אין תל־אביב און אין נגב, אין שטאָט און אין דאָרף, אַ נייע, מאָדערנע, אַ וועלטלעכע יידישקייט — אָבער מיט דעם זעלבן דראַנג צו נשמה יתירה אין איר צענטער? — אָדער וועט מען בויען בלויז אויפן שפּינוועבס־דינעם יסוד פון אויסערלעך־פאַרכאַפּנדיקער און אין תוך היפשלעך אילוזאָרישער מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט?

וועט זיך דאָס לעבן אַ ווענד טאָן אַוועק פון „צפת", די אַלטע און די נייע פעסטונגען פון יידישן גייסט — צו די קריה'ס און עיריות, צו די קאַלטע געביידעס פון די מיניסטעריומס, צו די גלאַנציקע דילן פון בית הסתדרות אָדער גאָר — צו די ציגל־ווענט פון די אַרמיי־קאַזאַרמעס און פאָליציי־סטאַציעס?

וואוהין וועט גיין די יוגנט? וועט זי איר אינספּיראַציע ציען פון דער לאַנגער קייט יידישע ליכט־זוכער, די משיח־אָראָפּברענגער פון אַלע יידישע דורות — ביז צו חנה סענעש און אבראשע בלום, ביז צו ענצאָ סערעני און הירש גליק — אָדער וועט זי זיך פאַרכליניען מיטן גויאישן שווערדל און רעוואָלווער? וועט אייער טאָכטער און איר דור, ווען זיי וועלן אונטערוואַקסן, זיך פאַרלירן אין דער אימפּאָרטירטער, ביליקער סענסאַציע־ליטעראַטור, דעם טומל פון דזשאַז, דער פוסטקייט פון „העפּי־ענד"־מאָוויס?

שאלות... אומרואיקע שאלות...

איך ווייס, אז דווקא איר, און אפשר גאָר באַזונדער דו, אָדרי, וואָס יידישקייט האָט זיך פאַר דיר אַנטפּלעקט טאַקע קודם כל ווי — רוחניות, אייביקער געראַנגל אין זיך פאַר שיינקייט

און אמת — דווקא איר וועט גוט פארשטיין די מורא, די זאָרג, וואָס ליגט הינטער אָט די פראגעס.

וואָרעם ס'איז דאָך די זאָרג פאַרן לאַנד, וואו אייער טעכטערל איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן און וואו זי הויבט אָן צו וואַקסן.

ווילט זיך מיר גלויבן, אז דאָס ביליקע און שלעכטע, וואָס מען זעט איצט אזוי פיל, איז בלויז פוסטער שוים, וואָס איז ארויפגעשוואומען אויבנאויף, אין דער צייט פון גרויסער אויפטרייסלונג; אז טיפער גייט ווייטער דער ריינער שטאָם פון יידישער גייסטיקייט.

און שוים פאַרגייט !..

...אָבער אפשר איז עס גאָר אָן עוולה צו קומען צו אַזעלכע נייע יידישע עלטערן און אָוועקלייגן, גלייך ביים וויגעלע, איבער וועלכן איר בויגט זיך איצט גליקלעכע, אונזער גרויסן פּאַק פון פּראָבלעמען, מורא'ס, פראגע־צייכנס?

...מען שרייבט מיר, אַז אייער הינדעלען האָט געבראכט אויף דער וועלט דער דאָקטאָר פּרץ — פריער פון קאָוונע, איצט אין חיפה. עס איז ניט קיין קליינע זכיה, ווען די ערשטע הענט, וואָס רירן אָן אייער קינד, וואָס ברענגען עס ארויס אויף דער וועלט, זענען הענט פון א יידישן דאָקטאָר, וואָס איז גרויס געוואָרן ראטעווענדיק יידישע קינדער פון קאָוונער געטאָ פון נאצישע בעגל און ווען דאָס איז שוין ניט מעגלעך געווען — ראטעווענדיק יידישע מאמעס, און שפּעטער האָבן אָט די געראטעוועטע יידישע מאמעס געבוירן נייע קינדער — דער יידישער שטאם זאָל אויפגעהאַלטן ווערן!

איך שטעל מיר פאָר, וואָס דאָקטאָר פּרץ האָט געפילט. ער, דער עדות און באשרייבער פון אומקום פון טויזנטער יידישע קינדער — און איצט, צען יאָר נאָך דעם, ווי דאָס סאמע לעצטע קינד פון קאָוונער געטאָ איז אויסגעשאָכטן געוואָרן ברענגט ער א ניי יידיש לעבן און דווקא אין א פרייען יידישן לאַנד!

און סימבאָליש: צו „רחוב המדרגות" אין צפת. א גאַס פון בלויזע טרעפּ.

אפשר האָט ווער אין דער שטיל א טראכט געטאָן: אָדרי פון דער רייכער אויסטראַלישער וועלט, פון דער גויאישער קולטור, איז מיט אָט די טרעפּ אראָפּגעשטיגן אין יידישן געטאָ. איך ווייס אָבער — און ווי קלאָר מען זעט עס אויף דיינע בילדער, אָדרי! — אז

ביי דיר איז אויף קיין איין רגע ניט געווען קיין ספק, אז באהעפטן זיך איצט מיטן יידישן פאָלק קאָן מײַנען שטייגן, כסדר שטייגן, ביז צו אומענדלעכע הויכן.

„אויב ניט נאָך העכער!".

און אויף אזא רחוב־המדרגות פון יידישן לעבן גרייט איר זיך איצט צו פירן אייער קינד.

וואקס־זשע געזונט, קליין יידיש מיידעלע פון צפת! שטייט דאָך ביי דיין וויגעלע די נשמה פון דיין עלטער־באָבע הינדע, אַ וואונדערבארע יידישע פרוי, א גאָט־געבענטשטע שרייבערין — אויף אזעלכע באָבעס און מאמעס האָט זיך געבויט די גרויסקייט פון יידישן פאָלק. היטלערס האַק האָט זיי אומגעבראכט.

און עס רינגלען אַרום דאָס וויגעלע און היטן דיך די אומשטערבלעכע גייסטער פון דיין טאַטן׳ס ווארשעווער יוגנט־חברים — לייבל ראָזנשטיין און שמוליק קאסטרינסקי, יורעק בלאָנעס און יאנקל בילאק, טאָבטשע דאווידאָוויטש און גבריאל פרישדאָרף: גיבורים פון ווארשעווער געטאָ.

און אז דער זיידע, דער יידישער פּאָעט, וועט זיך איבערבויגן איבערן וויגעלע און אין דיינע אומשולדיקע אויגעלעך געפינען דעם ענטפער צו זיין דיכטערישן זוכן אז י ע ד ע ס יידיש קינד איז היינט א פּרינץ פון פאָלק און אויף אים טאָקע ווארט „די קרוינונג", און אז ער וועט דיר זינגען דאָס אייביק־געוואָרענע ליד וועגן קליינעם יידעלע וואָס ליגט אין וויגעלע —

וועט טאקע דאָס אייביק יידיש ציגעלע אויפהערן צו גריזשען דאָס גראָז אויפן קבר פון אר״י הקדוש און וועט ארויפקומען אויף רחוב המדרגות;

און פון די וויין־גערטנער פון ראשון לציון און זכרון יעקב וועלן אלטע גראָע ישובניקעס ברענגען די ראָזשינקעס;

און יונגע, פארברוינטע בחורים און מיידלעך וועלן פון דגניה ארויפטראָגן די מאנדלען און טייטלען...

און איך און אַלע אייערע חברים און חברטעס פון וויטן אמעריקע וועלן פון די מרחקים אריבערשרייען צו דער קליינער יידישער יורש׳טע, צו יאָסלען, דעם צעיאָכמעטן טאַטן און צו דיר, אָדרי, דער נייער גליקלעכער יידישער מאמע: מזל טוב! מזל טוב!

דוד פינסקי
הר הכרמל
חיפה

✡

זייער חשובער דוד פינסקי:

א טאָג ערב פסח 1954. די שרות־טעקסי פירט מיך ארויף אי־בער דעם שלענגלדיקן וועג פון חיפה׳ער פאָרט צום הר הכרמל.

א טאָג ערב פסח מיט זעכציק יאָר צוריק — אין 1894.

אין ווארשע און אין ווילנע, אין מיין געבורטס־שטאָט ביאליס־טאָק, אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון צארישן תחום המו־שב טרעפן זיך יידישע ארבעטער און איינער פרעגט דעם צווייטן שטילערהייט, מיט פרייד, מיט נייגעריקייט:

— האָסט שוין געזען דאָס נייע ביכעלע?

— א שיינע מתנה „לכבוד פסח״!

— ווי געפעלט דיר די „מה נשתנה״?

— אונזערער אַ מענטש, דער שרייבער!

אין יענעם ערב־פסח מיט זעכציק יאָר צוריק איז א וויכטיקע זאך געשען:

די יידישע ליטעראטור האָט זיך פאר־בונדן מיטן יידישן ארבעטס־מענטש.

די יידישע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, דאן נאָך שוואך, הילפ־לאָז, פארלוירן, צעטומלט, אָנגעפירט דורך האלב־אסימילירטע יונ־געלייט, האָט געקראָגן א מעכטיקן פאַרבינדעטן: דעם נייעם יידישן שרייבער.

יצחק לייבוש פרץ האָט ארויסגעגעבן דעם ערשטן נומער „יום־טוב בלעטלעך״!

מיט א פאָר טעג צוריק, גייענדיק אויף איינער פון די יידישע גאסן פון ניו־יאָרק, בין איך אריינגעגאנגען צו אן אלטער יידישער

מוכר ספרים׳ניצע. און דאָרט, צווישן סידורים און מחזורים, צווי־
שן אלטע „גענג״ פון מאַפּאַסאַן און טאָלסטאָי אין דער דייטשמערי־
שער איבערזעצונג פון פאר פערציק יאָר צוריק, האָב איך געפונען א
יקר המציאות: איינגעבונדן אלע „יום־טוב בלעטלעך״, וואָס האָבן
געשפּילט אזא גוואלדיקע ראָל אין דער קולטור־געשיכטע פון אונ־
זער פאָלק.

זיץ איך איצט און איך מיש פאַרזיכטיק די געלבלעכע, אויס־
געטריקנטע בלעטלעך. אָבער איך קער זיך כסדר אום צו דעם אר־
טיקל אויף דער סאמע ערשטער זייט — דעם „לייט־ארטיקל״, ווי
מען וואָלט עס היינט גערופן — מיט וועלכן דער גרויסער פּרץ
האָט ארויסגעלאָזט זיינע „יום־טוב בלעטלעך״ אין דער וועלט אריין,
צום יידישן פאָלק.

„מה נשתנה״ הייסט דער ארטיקל. עס איז א וואונדערבארע
באהעלטעניש־שפּיל מיטן צארישן צענזאָר. עס איז לשון סגינהור
פון אָנהויב ביזן סוף.

„עבדים היינו לפּרעה במצרים. נאָר נאָך גרעסערע
קנעכט זענען מיר געוועזן צו דער געוואוינהייט״.
ווער איז די „געוואוינהייט״?

די ארבעטער פון די ביאליסטאָקער וועבערייען האָבן גוט גע־
וואוסט וועמען דער מחבר מיינט. די אַלטע אָרדענונג. די „סאַמאָ־
דזשערזשאַוויע״. דער געבויגענער רוקן — דריי פּאכיק געבויגן:
ווי צארישע קנעכט. ווי פארשקלאפטע אַרבעטער. ווי רעכטלאָזע
יידן. די „געוואוינהייט״ פון הונדערטער יאָרן הכנעה.

„און מיר גלויבן און שלעפן. און שלעפן אָן אויפהער.
די טאַטשקע ווערט מיט יעדן טאָג שווערער. מיר —
שוואכער. און די געוואוינהייט שמייכלט און חנפעט
אלע מאָל מער און מיר גלויבן איר אלע מאָל פעסטער״.
אלע גלויבן?
ניין. כאַראָש אויך צווייפלער.

„ווען קנעכט זאָלן וויסן, אז קנעכט זענען זיי אומגערן
געוואָרן, אז קיינער ווערט ניט געבוירן א קנעכט —
וואָלט שוין לאנג קיין עבדות ניט געוועזן... וואָס מער

מען פאַרשטייט עס, ווייניקער ווערן די קנעכט, שוואַ-
כער די געוואוינהייט."

די יידישע זאַקן־נייערינס און די יידישע גאַרבער און בער-
שטער האָט מען ניט געדאַרפט אַרייַנלייגן קיין פינגער אין מויל.
אוודאי ניט — וועגן די לעצטע שורות:

„און דאָך איז עס ניט אַזוי לייכט. באַלד ווערט אַ פרעַ-
גערייַ: „מה נשתנה"... און ניט אַלע פרעגן אַזוי אומ-
שולדיק קינדיש, ווי די קינדער ביי דער הגדה.
עס איז ניט אַזוי לייכט, ווייל אויף א י י ן חכם איז
דאָ אַ רשע, אַ תם און אַ שאינו יודע לשאול..."

פונקט מ י ט זעכציק י אָ ר צוריק זענען געשריבן געוואָרן
אָט די פאַרשטעלטע זאַצן און זיי זענען, אין פולן זין פון וואָרט,
געוואָרן די „הקדמה" צו דער נייער תקופה אין אונזער פאָלקס-
געשיכטע.

לייען איך איצט די דאָזיקע היסטאָריש־געוואָרענע שורות —
און איך לעב נאָך אַמאָל איבער מיין באַגעגעניש אין דער נייער
דירה אויפן הר הכרמל מיט דעם שרייבער פון אָט די זאַצן, דעם
מיטהעלפער פון יצחק לייבוש פרץ — ד ע ם א י י נ צ י ק
פ אַ ר ב ל י ב ע נ ע ם פ אָ ר ש ט י י ע ר פ ו ן ד ע ר
ק ל אַ ס י ק ע ר ־ ת ק ו פ ה פ ו ן א ו נ ז ע ר י י ד י ש ע ר
ל י ט ע ר אַ ט ו ר — מיט אייך, השובער ד ו ד פ י נ ס ק י.

איך זע אייך ביי אייער גרויסן טיש, הויך פאַרלייגט מיט נייע,
האַלב־אויפגעשניטענע ביכער, וואָס קומען צו אייך פון אַלע יונ-
גערע קאָלעגן־שרייבער פון דער „יידיש־מלוכה". גרויסע פעק מיט
בריוו — ווער שרייבט ניט אַלץ צו דוד פינסקי? — און אייערע
תשובות, וואָרעם קיין שום בריוו פאַרבלייבט דאָך ניט אומפאַרענט-
פערט. יידישע צייטונגען פון אַלע פינף קאָנטינענטן.

און באַזונדערס אָפגעלייגט — אייערע אייגענע כתב ידן. די
נייע אַרטיקלען, עסייען, דראַמעס, אויף וועלכע איר אַרבעט איצט.

איר זענט געווען — טרויער געמישט מיט פרייד. טרויער —
ווייל אייער פרוי האָדל, וועלכע גייט מיט אייך דורך די וועגן פון
דער יידישער ליטעראַטור שוין באַלד זעכציק יאָר, איז געווען
שווער קראַנק און זי קומט בלויז פאַמעלעך צו זיך. פרייד — פון

זען א נייעם פּנים, קענען אָפּנעמען א גרוס פון חברים־שרייבער פון ניו־יאָרק, פון יידישן קולטור־לעבן. איר קאָנט ניט איינזיצן אויף אן אָרט. אָט באַדינט איר, מיט רירנדיקער צערטלעכקייט, אייער פרוי אויף איר קראַנקן־בעט. און אָט ווענדט איר זיך, מיט פאַרשעמענדיקער גאַסטפריינטלעכקייט, צו מיר — אַ גאַסט, וועמען איר האָט ביז איצט קיינמאָל אויף די אויגן ניט געזען. איר דערציילט מיר מיט התלהבות וועגן ארץ־ישראל. איר דיסקוטירט די פּראָבלעמען פון דער גייסטיקער געשטאַלטונג פון דער מדינה. איך געדענק אייערע שאַרפע באַמערקונגען וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור, וועגן מהות פון ליטעראַטור ביי יידן בכלל, וועגן מצב פון יידיש.

מיין דאָקטאָרישע דערפאַרונג האָט מיך געע׳עצה׳עט ניט צופיל מיסברויכן מיט אייער גאַסטפריינטלעכקייט. האָב איך זיך באַגנוגנט מיט א קורצן וויזיט. איך האָב אייך נאָך אין זעלבן חודש צוויי מאָל געהערט: איינמאָל אויפן ראַדיאָ, צום יאָרצייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. א צווייטן מאָל — אויף א גרויסער פאַרזאַמלונג אין „בית החלוצות״ אין תל־אביב וועגן „ישראל, דער יידישער שרייבער און די יידישע וועלט״. איך בין גליקלעך געווען גלייך נאָך מיין צוריקקומען איבערצוגעבן אייערע חברים, די שרייבער, קולטור־טוער פון ניו־יאָרק:

— דוד פּינסקי איז געזונט. ער איז פריש. ער איז מוטיק, אָנגרייפעריש, קעמפעריש. מען זעט אויף אים גאָרניט, אז ער האָט מיט א וואָך פריער געפייערט זיין 82־יאָריקן געבורטסטאָג!

פיל איך איצט, מישנדיק די „יום טוב בלעטלעך״, א באַדערפעניש נאָך אמאָל אייך צו דאַנקען פאַר אויפנעמען מיך און צו ווינטשן אייער פרוי און אייך געזונט, כוחות.

איר זענט, חשובער דוד פּינסקי, אונז אלעמען שולדיק א חוב: א „חשבון״ פון זעכציק יאָר שטיין אין דער פאָדערשטער ריי פון אונזער ליטעראַטור, פון אונזער קולטור־געראַנגל.

מיר נויטיקן זיך אין אזא סך־הכלדיקן „חשבון״.

און ער וואָלט געהאַט באַזונדערס וואָג — ווייל ער קומט פון מדינת ישראל.

עס איז דאָך א מאָדנע זאַך! עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט

הונדערטער באקאנטע ציוניסטישע מנהיגים, מענטשן מיט אספּי־ראציעס אויף נאציאָנאַלער פירערשאַפט.

און ק י י נע ר פון זיי האָט ניט געהאַט אין זיך דעם כוח אליין אויסצופירן דאָס, וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן געפּרעדיקט!

ק י י ן א י י נ ע ר פון די נאַציאָנאַל־באַקאַנטע ציוניסטישע פירער האָט ניט „עולה״ געווען פון גלות קיין מדינת ישראל.

פון אלע וועלט־באַרימטע פירנדע יידישע נעמען אין די תפוצות האָט בלויז א י י ן נ אָ מ ע ן באַרייכערט דעם ישוב אין יידישן לאַנד:

אייער נאָמען — דוד פּינסקי, דער יידישער שרייבער.

און זיי, די ציוניסטישע פירער, וואָלטן דאָך אַזוי לייכט געפונען פאַר זיך אַרבעט אין דעם מלוכה־אַפּאַראַט, אין די כלערליי ציוניסטישע אינסטיטוציעס! און פּרנסה וואָלט זיי אוודאי ניט געפעלט. זיי וואָלטן זיכער ניט געדאַרפט וואַרטן לאַנגע חדשים, ביז וואַנען זיי וואָלטן זיך געקאָנט דערקלייבן צו אַן אייגענער דריי־צימערדיקער דירה...

און די ה ע ב ר ע א י ש ע ש ר י י ב ע ר פון „גלות״? איז זינט 1948 צוגעקומען קיין מדינת ישראל כאָטש איין באַדייטנדיקער העברעאישער שרייבער — וואָס האָט פאַרלאָזן דעם „גלות״ און איז אַוועק טיילן דעם גורל פון היימלאָזיקייט, אַרבעטסלאָזיקייט, דחקות מיט די הונדערטער טויזנטער אימיגראַנטן?

אויב עס זענען געפאָרן פון אַמעריקע אַ פּאָר העברעאישע קולטור־טוער — זענען זיי געפאָרן אויף איינלאַדונגען פון רעגירונג־אינסטיטוציעס, פון אוניווערסיטעט, אויף הויכע פּאָסטנס — אַלס פּראָפעסאָרן און אינספּעקטאָרן. און דער גרעסטער טייל האָט זיך אַ האַלב יאָר נאָך די צייטונג־מעלדונגען, נאָך די פייערלעכע „פּאָר געזונט״־באַנקעטן צוריק באַוויזן ביי אונז אין ניו־יאָרק..

ווי אַנדערש אָבער — מיט די יידישע שרייבער! איך בין זיכער, אַז אייער האַרץ מוז זיך פרייען זעענדיק די היפּשע, בונטע מחנה, קיין עין הרע, פון יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין מדינת ישראל. כמעט קיינער פון זיי איז ניט געווען קיין פּאַרטיי־ציוניסט — און איז עס אויך איצט ניט אין ענגן זין

פון וואָרט. און דאָך האָבן זיי תל־אביב און חיפה געמאכט פאר זייער היים!

און געפאָרן זענען זיי — וויסנדיק וועגן דער טרויעריקער מערכה פון יידיש אין מדינת ישראל.

אוודאי רעדט מען יידיש אומעטום — פון צפת ביזן נגב. מען זינגט יידישע לידער. מען הערט זיך צו צו דער יידיש־שעה אויפן ראַדיאָ. מען זוכט און מען געפינט פרייד און פאַרגעסונג אין יידישן פאָלקס־טעאַטער. מען צעכאַפּט די יידישע צייטונג — פון טבריה ביז באר שבע. איך בין בעת מיין באַזוך געווען אויף עטלעכע יידי־שע קולטור־אונטערנעמונגען און איך האָב געזען, ווי וואַרעם דער עולם נעמט אויף דעם יידישן אַקטיאָר, די פאָלקס־זינגערין. מיט וואָס פאַרא כבוד מען באַציט זיך צום יידישן שרייבער.

יידיש לשון דערפילט אין מדינת ישראל די זעלבע מיסיע, וואָס עס האָט געהאַט במשך פון די לעצטע טויזנט יאָר: עס איז דער אינטימער אינסטרומענט פון דעם פאָלקס איבערלעבונגען. עס איז דער לשון פון יידישן געוויין און יידישן געלעכטער. די שפּראַך פון צאָרן און פון האָפענונג. די פאַרבינדונג מיט די יידן פון דער גאַנצער וועלט.

אָבער אין לאַנד פעלט ניט קיין יידיש־פיינטשאַפט. פאַראַן גע־זעצגעבער, כנסת־מיטגלידער, וואָס האָבן איצט ניט קיין בילכערע זאָרג, ווי — צוטראַכטן געזעצן, וואָס זאָלן (אָפן אָדער אויף אַ באַ־האַלטענעם וועג) שעדיקן, באַליידיקן יידיש. און עס זענען דאָ גע־נוג טשינאָווניקעס, וואָס מיינען, אַז דאָס וויכטיקסטע, וואָס מדינת ישראל דאַרף איצט האָבן, איז — אַ הייליקע מלחמה קעגן יידיש־

בעת מיין זיין אין אייער חיפה איז דאָרטן פאָרגעקומען אַ גע־טאָ־פייערונג: די אײנציקע פייערונג צום יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפ־שטאַנד, דעם 19־טן אַפּריל. יידישע אַרבעטער האָבן זיך גע־וואָלט צונויפקומען און צוזאַמען איבערלעבן דעם טרויער און די גרויסקייט פון יידישן ווידערשטאַנד.

האָט עמעצער אין דער „עיריה" קאָנפיסקירט די מודעה וועגן אָט דער פאַרזאַמלונג, ניט דערלויבט זי פאַנאַנדערצו־קלעפּן אויף די גאַסן פון „זיין" שטאָט.

פארוואָס ?

ווייל לויט די אלערהעכסטע געזעצן פון דער עיריה חיפה (בלויז פון חיפה! תל־אביב למשל ווייס ניט פון אזא אומזיניקער אַנשיקעניש) קאָנען מודעות פאַנאַנדערגעקלעפּט ווערן נאָר דאַן, ווען די אותיות אין העברעאישן טעקסט זענען צ ו ו י י מ אָ ל גרעסער, ווי די אותיות פון טעקסט אין אן אנדער שפּראַך.

האָט יידיש ווען ניט איז געהאט אויסצושטיין פון אזא מין פאר־אָרדנונג ? אין די צאַרישע צייטן ? ביי וויטאָסן און פריסטאָרן אין פוילן ?

און די אָרגאניזאטאָרן פון דער גוטאָ־אקאדעמיע זענען, נעבעך, באגאנגען דעם גרויסן פארברעכן און זיי האָבן ניט געמאָסטן די גרויס פון די אותיות. די ווערטער פון דעם טעקסט אויף עברית און די ווערטער פון יידישן טייל זענען ביידע געווען געדרוקט מיט גלייך גרויסע אותיות.

האָט א טשינאָווניק גלייך אָפּגעפּסקנט .

— פ א ר ב אָ ט ן!

איז צוליב וואָס זאָל מען זיך פריער מצער זיין ?

צוליב דעם, וואָס עפּעס א נישטיקייט פון א פקידל וואגט צו שטערן א גוטאָ־פּארזאמלונג — ד י ה י י ל י ק ס ט ע מסיבה, וואָס אונזער פאָלק קאָן האָבן אין איצטיקן דור ?

אָדער צוליב דעם, וואָס אין חיפה, דער „רויטער שטאָט" פון ישוב, ווערט פרייהייט פון וואָרט און פרייהייט פון פארזאמלונגען ארייגעשטופּט אין א סדום־בעטל פון צוויי מינים אותיות, אייך מין פונקט צוויי מאָל גרעסער פון אנדערן ?

איין זאַך, זעט איר, באזאָרגט מיר גאָרניט : צי קאָן יידיש אויסהאלטן אזעלכע נגישות ?

וועגן דעם בין איך אין גאנצן רואיק !

וואָרעם — אונזער יידיש לשון איז דאָך געוואוינט צו נגישות !

פון נגישות קומט ווידערשטאנד. באליידיקונגען וועקן אויף שטאָלץ. שווערקייטן רופן ארויס עקשנות. האס ווערט געענטפערט מיט צוגעבונדנקייט און ליבע.

ניין, ניט מיט כנסת־געזעצן און ניט מיט פּאָליצייסקע פארבאָטן קאָן מען יידיש מנצח זיין! קיין שום געזעצגעבער האָט עס נאָך ניט

באַוויזן. קיין שום פּאָליציי־נאַטשאַלניק האָט עס נאָך ניט דער־גרייכט!

אָבער פּשוטע דעמאָקראַטיע, עלעמענטאַרער יושר און די אינ־טערעסן סיי פון מדינת ישראל, סיי פון גאַנצן פאָלק, פאַרלאַנגען קודם כל:

ז אָ ל  א ו ו ע ק ג ע נ ו מ ע ן  װ ע ר ן  ד ע ר  פּ אָ ל י ־ צ י א נ ט  פ ו ן  א ו נ ז ע ר  ש פּ ר א כ ן ־ װ י כ ו ח!

העברעאיש איז די אָפיציעלע מלוכה־שפּראַך, די שפּראַך פון דער שול.

אָבער טייל יידן ווילן רעדן יידיש און שרייבן יידיש. זיי ווילן פאַרזעצן זיך אויסצולעבן קולטורעל אין יידיש. שרייבער ווילן ווי־טער זיין שעפעריש אויף יידיש.

זענען עס זייערע  ע ל ע מ ע נ ט א ר ע  ד ע מ אָ ק ר א ט י ־ ש ע  ר ע כ ט!

צונעמען ביי זיי אָט די רעכט — הייסט אָנגרייפן די עצם־יסו־דות פון דעמאָקראַטישן לעבן, פון א פרייער געזעלשאַפט, וואָס דערלויבט יעדן מענטש זיך אויסצולעבן קולטורעל אַזוי ווי ער וויל נאָר.

צ ו ו א נ ג ־ ה ע ב ר ע א י ז א צ י ע  א י ז  פּ ו נ ק ט  א ז ו י  א ו מ ד ע מ אָ ק ר א ט י ש, ו ו י  צ ו ו א נ ג ־ ר ו ־ ס י פ י ק א צ י ע, ו ו י  צ ו ו א נ ג ־ פּ אָ ל אָ נ י ז א צ י ע!

קולטור־טאָטאַליזם איז פּונקט אַזוי העסלעך, ווי פּאָליטישער טאָטאַליזם.

א מלוכה, וואָס וויל זיך ניט פאַרלאָזן אויף די געזונטע (הגם אָפּטמאָל פאַמעלעך ארבעטנדיקע) געזעצן פון געזעלשאַפטלעכן לע־בן, נאָר וואָס וויל „צואיילן" אָט די פּראָצעסן מיט גוואַלט, מיט פּאָליציי־מאַכט — גראָבט אונטער די יסודות פון איר אייגענער דעמאָקראַטיע.

אַזוי טוט מען אין מאָסקווע. דאָס איז דער דרך פון איצטיקן וואַרשע און בוקאַרעשט.

אָבער דאָס טאָר ניט זיין דער וועג פון ירושלים און חיפה! אונזער גאַנצע דריי טויזנט־יאָריקע פאָלקס־געשיכטע, וואָס האָט

כמעט קיין מאָל ניט געוואוסט פון שפּראכן־מאָנאָליטישקייט — אויך אין די צייטן פון ישעיה הנביא און רבי עקיבא, פון רמב״ם און ווילנער גאון, פון חיים נחמן ביאַליק און יצחק לייבוש פּרץ — רעוואָלטירט קעגן דעם!

מען וועט אין מדינת ישראל מוזן פאַרשטיין, אַז די יידיש־כּו־חות זענען ניט קיין פרעמדער, פיינטלעכער כּוח. אַז זיי זענען אַן אינטעגראַלער טייל פון אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן קולטור־פראָנט. זיי זענען שותפים אין קאַמף פאַר איינהאַלטן דעם הויכן קולטור־ניוואָ פון לאַנד — וואָס די מאַסן־אימיגראַציע, די איצטיקע אַנטשפּאַנונג נאָכן דערגרייכן די אומאָפּהענגיקייט דראָען אַראָפּצונידעריקן. זיי טראָגן צו זייער חלק ביים אויסשמידן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסט־זיין. זיי שטאַרקן דאָס געפיל פון פאָלקס־פאַרבינדונג.

דעריבער קומט זיי הילף, אונטערשטיצונג — אין דער זעלבער מאָס, ווי אַלע קולטור־שעפערישע כּוחות ווערן געשטיצט פון דער געזעלשאַפט, פון דער מלוכה.

ראַנגלט זיך אַ יידישער טעאַטער פאַר עקזיסטענץ — איז ער באַרעכטיקט צו אַן אַנשטענדיקן זאַל, צו די זעלבע הנחות, סובסי־דיעס, וואָס די מלוכה גיט דעם העברעאישן טעאַטער — כּדי דער־מעגלעכן, אַז דאָס דראַמאַטיש וואָרט זאָל קאָנען צוקומען, זאָל משמח זיין, זאָל טרייסטן און דערהויבן דאָס פאָלק.

האָט דאָך אַפילו דאָס סאַנאַציע־פּוילן סובסידירט צו ביסלעך דעם יידישן טעאַטער! קאָן מדינת ישראל זיין נאָך ערגער?

יעדע יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק איז אַ וויכטיקער קולטור־צענטער. און אַזוי לאַנג ווי די אַלגעמיינע, שטאָטישע ביבליאָטעקן קאָנען ביי זיך ניט פּועלן, אַז זייערע לייענער מעגן א ל י י ן אויסקלייבן וואָס פאַרא ביכער זיי ווילן און זיי האָבן נאָך ביי זיך ניט קיין יידיש־אָפּטיילונגען — דאַרף די וויכטיקע טעטיקייט פון די יידישע ביבליאָטעקן געשטיצט ווערן.

וויל יידיש האָבן טעגלעכע טריבונעס, טאָג־צייטונגען, דורך וועלכע עס וויל צוקומען צו די יידיש־רעדנדיקע בירגער — איז עס אַ דעמאָקראַטיש רעכט. און אויב קולטור־טאָטאַליסטן און גלאַט טעמפּע טשינאָווניקעס האָבן עס ביז איצט פאַרבאָטן — נו זעט מען דאָך! יידיש האָט זיך מיט דעם אַן עצה געגעבן! דער איינציקער

רעזולטאט איז: ישראל האָט זיך אויסגעשטעלט צו חוזק פאַר די יידן פון דער גאָרער וועלט...

פילט מען דען ניט אין מדינת ישראל, וויפל חשיבות עס גיט צו דעם לאַנד די שעפערישע גרופּע יידישע שרייבער?

אָנהויבנדיק ־טאקע פון אייך, דעם פאָרשטייער פון די ראשונים.

און ווייס מען דען ניט, אז ווען מיט א פּאָר צענדליק יאָר צוריק זענען יונגע יידישע פּאָעטן פון וואַרשע, פון ווילנע — ווי י. פּאַפּיער־ניקאָוו, א. לעוו — אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע, פון ווילנע קיין ארץ־ישראל, געוואָרן דאָרטן ארבעטער, אריין אין די קיבוצים, געאַקערט, געזייט און דערנאָך באַזונגען די ערד, דאָס פעלד, די ארבעט אין יי־דישע לידער — זענען אָט די לידער געלייענט און געזונגען געוואָרן אין אַלע יידישע תפוצות און געוועקט בענקשאַפט — בעת די פּאָעזיע פון אַזוי פיל העברעאישע פּאָעטן איז פארבליבן אומבאַקאַנט דעם יידישן פאָלק?

און אָט איז — אברהם סוצקעווער, דער דיכטער פון ווילנער געטאָ, ער האָט געפונען גרויסע, פעלזיקע ווערטער, זיי פאַרייניקט מיט לויטערע פאָלקס־טרערן און געשאַפן דאָס ליד פון געטאָ־קדושה. מוז מען דאָך פילן, ווי גאַנץ מדינת ישראל ווערט דערהויבן, ווען אזא פּאָעט הויבט אָן מיט די זעלבע דימענטן־ווערטער באַזינגען די בערג פון יהודה!

און עס לעבט ביי אייך ישעיהו שפיגל, וואָס האָט אַזוי אויפטרייס־לענדיק געשילדערט די יידישע שיינקייט אין דער בלוטיקער שקיעה פון לאָדזשער געטאָ.

און משה גראָסמאַן, וואָס האָט פאַר אונז אלעמען, פאַר די קומענ־דיקע דורות פאַרצייכנט די חרפה, די מענטשן־שענדונג אין לאַנד פון אָפּגעגנאַרטע האָפענונגען — דעם ראַטנפאַרבאַנד.

האָט יצחק פערלאָוו דורך דער „עקזאָדוס״־עפּאָפּייע זיך דער־שלאָגן צום חיפה׳ער ברעג. און איצט דערוויסט זיך פון אים די יידי־שע וועלט דאָס קאָמישע און טראַגישע, דאָס דערהויבענע פון דער „קליטה״, דער איינאָרדנונג פון א האלבן מיליאָן ברידער מכל תפו־צות העולם אויף דער ערד פון ישראל.

און אָט איז גאָר אַן אנדער נס: פועה ראַקאָווסקי — וואָס האָט נאָך געלעבט ביז מיט עטלעכע חדשים צוריק — אַ יידישע

שרייבערין וואָס האָט איבערגעלעבט צוויי דורות פון יידישן קול־טור־געראנגל, וואָס איז געוואָרן א רעוואָלוציאָנערקע אין ביאַליסטאָק ווען מ י י ן ט א ט ע איז נאָך געלעגן אין די וויקעלעך — האָט געקאָנט ביי אירע ניינציק יאָר, רואיק פארענדיקן אירע טעג אין תל־אביב און — נאָך געשריבן אפילו! אָט ליגט דאָך אויפן טיש א פריש־אָנגעקומענער בוך פון אירע זכרונות!

פאראן אויך אנדערע פאָרשטייער פון עלטערן דור יידישע שרייבער. יואל מאַסטבוים — זיינע ראָמאנען זענען געלייענט געוואָרן, דיסקוטירט געוואָרן דורך א גאנצן דור יונגע לייענער. שוין באלד דרייסיק יאָר ווי ער דערציילט דער וועלט וועגן גרויסן חלוצישן פארמעסט.

א. מ. פוקס — דער מייסטער פון דער קורצער דערציילונג, וואָס דערציילט אזוי טיף־אויפטרייסלענדיק וועגן דעם געראנגל פון פשוטן דערשלאָגענעם מענטשן מיט דער אומברחמנותדיקייט פון זיין ביטערן גורל.

און די היפשע גרופע טיכטיקע יידישע צייטונג־מענטשן — זשורנאַליסטן, פובליציסטן, עסייאיסטן, קריטיקער, און מ. צאנין׳ס דרייסטע יידישע טאָג־צייטונג, די „לעצטע נייעס״, וואָס ראנגלט זיך אזוי הארטנעקיק מיט די העברעאיסטישע צעשטערער און ניט־פארגינער.

און זעט, ווי שנעל עס הויבן אָן ווערן רייף די געוועזענע סאמע יונגסטע פון פארברענטן טלאָמאצקע 13! זייער צאָל איז היפש גרויס — וועל איך ניט אויסרעכענען יעדן נאָמען. אָבער איצט ווערט זייער ליד פון ישראל, זייער נאָוועלע דערוואַרט מיט האָפענונג און מעטום וואו יידן לייענען א יידישן בוך, א יידישן זשורנאל.

ביז צו די סאמע יונגסטע, נאָך האלב־שטאמלענדיקע אָנפאנגער אזא שעפערישע צונויפזאמלונג אין מדינת ישראל!

וועט מען סוף כל סוף מוזן איינזען, אז ניט נאָר זענען אָט די שרייבער־תושבים, א טייל פון קולטור־לעבן פון לאנד — און עס קומט זיי במילא חשיבות, הילף, מלוכהשע און געזעלשאפטלעכע אונטערשטיצונג פארן יידישן בוך — נאָר אז זיי דערפילן א ספעציעלע גרויסע מיסיע ניט נאָר פארן יידישן פאָלק נאָר טאָקע דער עיקר פאר מדינת ישראל גופא.

וועגן אָט דער מיסיע פון יידישן שרייבער אין מדינת ישראל האָב איך טאקע געהערט רעדן א וואָך שפּעטער נאָך מיין, ווי זיט ביי איך — אין גרויסן, אָנגעפילטן זאַל פון בית הליצות אין תל־אביב.

ווי קלאָר איר האָט דאָן ארויסגעבראכט דעם גרונט־שטריך פון דער יידישער ליטעראטור — אין קעגנזאץ צו דער איצטיקער העברעאישער ליטעראטור: ליבע צום פאָלק. די ליטעראטור פון פאָלק, פון דעם *יידישן מענטשן*. ווען איר, מיט אייער באקאנטער ווארעמער באציאונג צו העברעאיש און צו מדינת ישראל, דערקלערט אז איר געפינט ניט אין דער העברעאישער ליטעראטור דאָס פאָלק און זיינע איבערלעבונגען, אז איר שפירט ביי די העב־רעאישע שרייבער בכלל ווייניק ליבע צום פאָלק, אפילו ווייניק ליבע צום לאנד — ניט געקוקט אויף דעם הורא־פאטריאָטיזם — זענט איר דאָך זייער א באגלויביקער עדות!

עס איז, מיין איך, ניט קיין צופאל. מען קאָן ניט ליב האָבן איין טייל פון פאָלק — דעם טייל, וואָס וואוינט אויף די איין און צוואנ־ציק טויזנט קוואדראט־קילאָמעטער פון מדינת ישראל — און פאר־אכטן אָדער גרינגשעצן די אנדערע קנאפּע ניינציק פּראָצענט פון פאָלק. מען קאָן ניט אויפהויבן בלויז איינע, קוים זיבעציק־יאָריקע תקופה פון א קליינעם חלק פון דער אומה — און מבטל מאכן, אראָפּ־נידעריקן אלע פריערדיקע תקופות.

אזא שרייבער האָט *פאקטיש ניט ליב קיין שום טייל פון פאָלק*. ער איז ניט בכוח זיך גופא אָנצו־ווארעמען און באגייסטערן זיינע לייענער *מיט קיין שום תקופה* פון דער פאָלקס־געשיכטע.

קאָן ער בלויז, אין בעסטן פאל גוט נאָכמאכן. קאָפּירן, וואָס מען דעקרעטירט פון מאָסקווע אָדער וואָס דער לעצטער קאסטן „בעסט־סעלער" ראָמאנען ברענגט פון ניו־יאָרק, פון לאָנדאָן, פון פאריז.

ווען איך בין געווען אין לאנד איז די טעמע פון די ליטעראַרישע שמועסן געווען יגאל מאָסינזאָן'ס „דרך גבר" מיט זיינע ביטערע אָנ־פאלן אויפן קיבוץ, מיט זיינע „שטארקע" סעקס־באשרייבונגען, מיט זיין האָליוואוד־סוזשעט פון ליבע, אייפערזוכט, אוואנטורע, פערווער־סיע, מאָרד.

די פּאָר יונגע מענטשן, מיט וועלכע איך האָב געשמועסט וועגן דעם, האָבן באמת געמיינט, אז עפּעס אַזוינס איז נאָך ביז איצט ניט געווען. די קעגנער פון קיבוץ האָבן אין דעם געזען — אַנטפּלעקונג, טיפע מענטשן־פּסיכאָלאָגיע. קיבוץ־אָנהענגער האָבן זיך געקאָכט, עס גערופן פאַרראַט, בלבול.

מיין מיינונג איז געווען, אַז אָט דער סענסאַציאָנעלער ראָמאַן איז נאָר דער נאַטירלעכער שוים פון דער איצטיקער פּאַזע פון גייס־טיקער אַנטשפּאַנונג, פון וועלן אַנטלויפן פון אידייען און אידעאַליזם. יעדע נאָך־רעוואָלוציאָנערער צייט האָט געבראַכט אַזעלכע אַנטוי־שונג־ראָמאַנען. מיט זיי איז פול געווען די פּוילישע ליטעראַטור נאָך אין 1918. איך האָב זיי דערמאָנט אָן דער „סאַנין־תקופה" אין רוס־לאַנד נאָך 1905 און דעם טיפן גייסטיקן אַנטוישונג־ווירוואַר, וואָס אויך די יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, די יידישע ליטעראַ־טור האָט דאַן דורכגעמאַכט.

דעם אָוונט ערב דעם ערשטן מאַי בין איך געווען אויף אַ גאַלאַ־פאָרשטעלונג פון דער „הבימה" פאַר דער תל־אביבער מועצת הפּו־עלים פון הסתדרות. מען האָט געוויזן משה שמיר'ס „ליל סופה".

אַך, וואָס פאַרא טרויעריקע דראַמע! גאָרניט צוגעפּאַסט צו דעם האָפערדיקן טאָן פון ערשטן מאַי־מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זעלבן זאַל האַרט פאַרן אָנהייב פון דער פאָרשטעלונג!

די טרויעריקע, אָרעמע שטוב פון אַלטן קאָלאָניסט קלמן יפה. די קאַלטקייט, די מרה שחורה, וואָס יאָגט פון די ווענט. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון האָרעוואַניע, פון מסירת נפש איז ער פאַרבליבן אין טיפ־סטער דחקות.

אָבער נאָך ערגער פון דער נויט איז — וואָס זיין היים איז צע־בראָכן. זיין טאָכטער רינה אַנטלויפט פון דער חלוצישער אַרבעט צום טומל, צום אוניפאָרם־גלאַנץ פון דער אַרמיי. דאָס איז נאָך אַ האַלבע צרה. טויזנט מאָל ערגער איז מיט זיין זון שלמה. שלמה האָט פאַר זיין פאָטער — בלויז ביטערן חוזק. צו יענעמס אידעאַליזם — פּשוטע פאַראַכטונג. נאָך אַ דור פון אידעאַליסטישער, חלוצישער, ציוניסטישער דערציאונג — איז זיין איינציקער גאָט: ממון, געלט, שנעל רייך ווערן. האָבן אַן אייגענעם אויטאָ. ווי אַזוי? דורך שמוציקן, גניבה'שן האַנדל אויפן שוואַרצן מאַרק.

סוף כל סוף פאלט שלמה פון זיין אלטן טאטנס קויל — ווען ער וויל ביי זיין אייגענעם טאטן צוגנבענען די פערד.

און דער עלטערער דור גופא, קלמן יפה און זיין פרוי? אלט. מיד. צעבראָכן. פארביטערט. און דער עיקר — אנטוישט.

אמת, נאָך דעם, ווי דער אלטער קלמן דערשיסט זיין אייגענעם זון שלמה, טראכט משה שמיר צו א קינסטלעכן „העפּי ענד": רינה קערט זיך מיט אמאָל אום צוריק פון דער ארמיי. עפּעס א פרעמדער, א פרישער אימיגראַנט, הויבט אָן באארבעטן די ערד — זי זאָל ניט פארוויסטעט ווערן.

אָבער וואָס איז דער אמתער סך הכל?

דער לעבנס־וועג פון קלמן יפה, דעם בויער פון ישוב, ענדיקט זיך אין צוזאמענברוך.

איך האָב בעת מעשה, זעענדיק די פאָרשטעלונג, געטראכט:

וואָס לעבן איצט איבער די אלטע ותיקים, די אָנהויבער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, די וועטעראַנען פון די קיבוצים, פון די מו־שבים, די „דערראָבערער פון באָדן", וואָס זיצן אין אזא גרויסער צאָל אין זאל? עס איז דאָך וועגן זיי אָט די דראמע!

מיט פופציק יאָר צוריק האָט אויך אין דער יידישער ליטעראטור דאָמינירט דער מאָטיוו פון צוזאמענברוך פון דער יידישער משפחה. דער קריזיס איז געווען א סך טיפער: ניט פון איין דור, נאָר פון א טויזנט־יאָריקער תקופה.

א סך יידישע שרייבער האָבן זיך דאַן געווידמעט אָט דער ברע־נענדיקער אקטועלער טעמע.

האָט מיט א יאָר פופציק צוריק דער אומלעגאלער „בונד" פאר־שפּרייט איבער רוסלאנד א דראמע פון א יידישן שרייבער, וואָס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן סיי פון דער בלוטיקער פּאָגראָם־כוואליע פון יענע טעג, סיי פון דעם באנקראָט פון דער אלטער יידישקייט, וואָס אָט דער קריזיס האָט אויפגעדעקט. עס האָט אין יענער דראמע ניט געפעלט קיין ציוניסטישע אגיטאציע, אפילו פשוטע ציוניסטישע פּראָפּאגאנדע־רעדעס — און פון דעסטוועגן האָט דער „בונד" דאָס ווערק ארויסגעגעבן. בונדיסטן האָבן געשמעלט זייער זיכערקייט אין קאָן און פארשפרייט אָט דאָס ביכל. ארבעטער־בחורים און מיידלעך האָבן אויף אומלעגאלע פאַרלעזונגען אויפגעפירט אָט די צייט־דראמע.

איך מיין, פארשטייט זיך, אייער דראמע „פאמיליע צבי".

אויך פון אייער „פאמיליע צבי" האָט געאָטעמט מיט טרויער. אויך אייער ר' משה, דער טרעגער פון פרומער יידישקייט, ווערט פארלאָזן פון זיין גאנצער משפחה. איין זון גייט אַוועק צו שמד. דער אנדערער טראכט נאָר וועגן אָפּהיטן זיין קרעמל. פון די אייניקלעך דינט איינער, ליפמאן, דעם ציוניסטישן אידעאל; דער צווייטער, ראובן, איז א בונדיסט, דער דריטער קען נאָך אפילו אליין ניט זיין וועג — אָבער ער ווייס שוין אויף זיכער, אז דאָס וועט ניט זיין דעם זיידנס וועג, דער וועג פון בית המדרש, פון דער שול.

קומט אויך אייער ר' משה צום סוף פון זיין לעבנס־וועג אן איינזאמער. אָבער ער טראָגט נאָך אלץ אין זיך אזוי פיל שיינקייט! און ווען ער שרייט אויס א פארצווייפלטער, הארט פאר זיין טויט:

— אָבער וואו איז דיין חיל, גאָטעניו? וואו איז דיין חיל?

— וועקט ער ארויס צו זיך ניט נאָר רחמנות — נאָר אויך ליב־שאפט און דרך ארץ.

און ווען ער שטארבט, רופט אויס זיין אייניקל לעאָן, וואָס לויפט מיט א רעוואָלווער פארטיידיקן די יידן פון פאָגראָמשטשיקעס:

די אלטע שיינקייט איז טויט!

און מיר פילן, אז די דערהויבנקייט פון ר' משה'ס גאנג, זיין טרייהייט ביז צום סוף לעבט ווייטער אין דעם נייעם דור — ווי פרעמד דער דאָזיקער דור זאָל זיך איצט ניט פילן צום טויטן ר' משה: אין ציוניסט ליפמאן, אין בונדיסט ראובן און אין זוכנדיקן יידישן אינטעליגענט לעאָן.

אָט אזוי האָט דעם קריזיס פון א דור געזען די יידישע ליטע־ראטור.

איך האָב מיינע יונגע באקאנטע אין תל־אביב דערמאָנט די „סאנין־תקופה" נאָך 1905. איך קען זי נאָר פון לייענען, פון לער־נען. איר, דוד פינסקי, וואָלט דאָך זיי דאָס געקאָנט אויפקלערן טויזנט מאָל בעסער — פון אייגענע איבערלעבונגען.

וואָלט איר זיי דאן געקאָנט איבערגעבן, ווי אזוי די י י ד י־ ש ע ל י ט ע ר א ט ו ר האָט מנצח געווען אָט דעם גייסטיקן קריזיס, די תקופה פון בערגלסאָן'ס „נאָך אלעמען", פון ווייטער'ס „בייטאָג". ווי אזוי די יידישע שרייבער האָבן זיך דאן געווענדעט

צו אונזער גרויסן עבר און האָבן אין די טראַגישע קיום־געראַנגלען, אין די מסירת־נפשדיקע אקטן פון יחידים, אין הערצאיזם פון דער פאָלקס־מאַסע, אין ליבשאַפט צום יידישן פאָלקס־לעבן געפונען דעם ענטוזיאַזם, די האָפענונג. ווי אַזוי פּרץ האָט זיך לאַנג געראַנגלט אין זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" מיט אָט דער טראַגישער צע־שפּאָלטנקייט, ביז ער איז פון איר געקומען צו זיין פלאַמיקן, שטאָלצן געשריי פון דער „גאָלדענער קייט":

און מיר בעטן נישט,
און מיר בעטלען נישט!
גרויסע שטאָלצע יידן זענען מיר —
זרע אברהם... יצחק ויעקב.
לענגער וואַרטן ניט געקאָנט!

ווי אַזוי פּרץ'ס ווערטער זענען געוואָרן דאָס אייגנטום פון א ל ע מינים יידן, אַלע יידישע שיטות.

אָט דער רוף, די פאַרבונדנקייט פון היינט מיט אַלע שטאָלצע יידישע דורות, איז — נאָך יאָרן פון וואַקלענישן, פון נאָכמאַכן די מאָדערנע גויאישע פאָרמען — געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון דער גאַנצער גלענצנדער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע — פון אברהם רייזין'ס הייסער אהבת ישראל, פון אָפּאַטאָשו'ס קאָצקער רבין און די ביט וויניקער דערהויבענע פּראָסטע מלאוועאַר יידן, פון איגנאַטאָוו'ס „גדעון" און מנחם באָריישאַ'ס „גייער", וואָס ווייס, אַז

מיר זענען דער הויפן ערד פאַרן גרעזל
און אַלע אַמאָלן אין אונז פאַרקניפּט.
ווען מענטש וועט דעם קנופּ דערקענען, וועט
נעכטן און מאָרגן
זיך זייען דורך אים ווי מעל דורך א זיפּ.
— ביז צו ה. לייוויק'ס „אייביק":

אין בלוט מיינע קליידער — די פיס קוים איך שלעפּ,
איך קום מיט א ליבשאַפט פון לעצטן געלייטער;
איך קום צו א שטיבל — איך פאַל אויף די טרעפּ,
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אוועק ווייטער.

און אוודאי וואָלט איר דאָך זיי געקאָנט דערציילן וועגן זיך גופא, וועגן אייערע קינסטלערישע געראַנגלען און אייערע זוכענישן

אין די ניט אויסשעפּבאַרע אוצרות פון יידישער פאָלקס־שיינקייט פון אַלע פאַרגאַנגענע דורות.

אָן אמתער וועג־ווייזער וואָלט די יידישע ליטעראַטור געקאָנט זיין פאַר דער ביי זיך אַזוי גאווה׳דיקער, אָבער אַזוי אָפט אין הוילן הלל בלאָנדזשענדיקער העברעאישער ליטעראַטור!

...אין אייער רעדע האָב איך פון דעסטוועגן געפונען סקעפּטישע טענער, פּעסימיסטישע שטימונגען. איך וואונדער זיך ניט: ווי קאָן מען ניט טראָגן אין זיך ספקות — ווען מען זעט, מיט וואָס פאַרא עקשנות, מיט וואָס פאַרא ממש זעלבסטמערדערישע פאַרבלענדקייט מען פירט די מלחמה פאַר דער־נידעריקונג און דערנאָך — פאַר אויסראָטונג פון יידיש לשון אין מדינת ישראל? ווי מען שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר שריט, וואָס שעדיקן די אינטערעסן פון לאַנד, שמירן אויס איר שיינעם נאָמען אין בלאָטע; וואָס וועקן אויף באַרעכטיקטע ספקות בנוגע דעם דעמאָקראַטישן גייסט פון לאַנד! ווי אַזוי מען שטויסט אָפּ די בעסטע פריינט פון ישוב!

וואָרעם קיין בעסערע פאַרבינדעטע ווי די יידיש־יידן האָט נאָך דערווייל ניט מדינת ישראל! אפילו די סאַמע אַנטי־ציוניסטישסטע פון צווישן די בונדיסטן האָבן נאָך אַלץ מער שלאָפלאָזע נעכט צוליב די געפאַרן, וואָס דראָען די אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן ביי אייך אין לאַנד, ווי פיל פון די ענגליש־רעדנדיקע געשוואוירענע פריינט אייערע, וועלכע איר נעמט אויף מיט אַזוי פיל כבוד. זיי קענען פאַר אייך האַלטן שיינע ענגלישע רעדעס, זיי וועלן אפילו איין מאָל אַ יאָר אינטערווענירן פאַר אייך ביי זייערע הויך־געשטעלטע גויאישע פריינט — אָבער דאָס איז דאָך אַלץ!

האָט איר, חשובער דוד פינסקי, געצווייפלט: ווער וועט אויסטראָגן דעם קאַמף פאַר יידיש? דאָס פאָלק רעדט יידיש. מען לייענט יידיש. מען האָט ליב יידיש. אָבער מען וויל זיך ניט איינשטעלן פאַר יידיש. מען וויל ניט קעמפן פאַר יידיש.

שוין געווען ביי אונז אַזאַ צייט. מען האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר דער אנערקענונג פון יידיש. מען האָט געדאַרפט צונויפזאַמלען אַלע פריינט פון יידישן לשון, פון יידישן בוך.

האָט מיט זעכציק יאָר צוריק, נאָך פסח 1894, אַ צוויי און צוואַנציק־יאָריקער יונגערמאַן, ערשט ניט לאַנג צוריק פון ווינער אוני־

ווערסיטעט, זיך געלאָזט פאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון ליטע, פון ווייסרוסלאנד. ער איז געפאָרן צו די יידישע פאָלקס־מענטשן, צו די ארבעטער.

שטייט פארשריבן אין אונזער קולטור־געשיכטע: זיין נאָמען איז געווען דוד פינסקי.

פון אָט דער נסיעה אייערער איז עפּעס באמת גרויסעס ארויסגעקומען! עס איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון חובבי־יידיש, וואָס דאן האָט מען נאָך אפילו ניט געוואגט אזוי אָנצורופן אונזער מאמע־לשון:

די „זשארגאָנישע קאָמיטעטן".

אין אייער „חשבון" פאַר די זעכציק יאָר, וועלכן מיר האָבן אַ רעכט צו דערוואַרטן, דארפט איר וועגן די „זשארגאָנישע קאָמיטעטן" און אייער אָנפירנדע ראָל ביי זייער שאפונג געניו דערציילן! עס איז דאָך א וויכטיקער קאפּיטל אין אונזער קולטור־אנטוויקלונג!

זיי זענען דאָך געווען די וואָרצלען. פון זיי זענען שפּעטער אויסגעוואקסן דער „הזמיר" אין ווארשע, די „הארפע" אין לאָדזש. פּרץ'ס, הירשביין'ס און וויטער'ס דראמאטישע קרייזן, וואָס פון זיי איז דאָך דערנאָך געקומען — דוד הערמאן'ס „ווילנער טרופּע", דער קינסטלערישער יידישער טעאטער. דער „פאָלקס־אוניווערסיטעט" אין ווארשע. דער קאמף פאַר השפעה אין מפיצי השכלה. דער אומלעגאלער יידישער לערער־צוזאמענפאָר אין ווילנע, אין 1907, וואָס האָט זיך פארענדיקט אין דער לוקישקער טורמע. די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ.

און נאָך שפּעטער — די יידישע פאָלקס־שול. די צענטראלע יידישע שול־אָרגאניזאציע. די קולטור־ליגע פון אוקראינע, פון פוילן.

ביז צו דעם הייליקן יידישן קינדער־טעאטער אין ווארשעווער געטאָ. ביז צום העלדישן „יוגנט־קלוב" אויף יאטקע־גאס אין ווילנער געטאָ — דעם יוגנטלעכן „פאָטער" פון דער פאראייניקטער פארטיזאנער־אָרגאניזאציע.

אלץ פון איין שורש: פון די „זשארגאָנישע קאָמיטעטן" פון 1894.

פיל איך, נאָך מיין באזוך אין מדינת ישראל, אז וואָס יידיש

דארף איצט דאָרטן האָבן, איז — נייע „זשארגאָנישע קאָמיטעטן״, א פאראייניקונג פון די יידיש־כוחות.

די מאסן, וואָס רעדן יידיש, לאכן און וויינען אויף יידיש — זענען פאראַן.

די יידישע שרייבער, וואָס שאפן אויף יידיש — זיי זענען דאָ.

איך בין איבערצייגט, אז עס זענען אויך פאראן די טוער פאר די „יידיש־קאָמיטעטן״.

דער ערשטער „זשארגאָנישער קאָמיטעט״ אין ווילנע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דריי מענטשן: א יידישן אינטעליגענט, וואָס האָט זיך געשניטן אויף א דאָקטאָר — פּנחס ראָזענטאל (וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אזא וויכטיקע ראָל אין „בונד״ אלס פּ. אנ—מאן); א יידישן פאָלקס־אינטעליגענט, א קינד פון דער גרעסטער אָרעמקייט, א געוועזענעם ישיבה־בחור, חיים יענקל העלפאנד, וואָס די גאנצע יידישע וועלט האָט אים שפּעטער געקענט אלס דעם בארימטן בונדיסט א. ליטוואק; און א לאמעד־וואָווניק פון יידישן בוך, דעם ערשטן מאָדערנעם, וועלטלעכן יידישן מוכר ספרים׳ניק, קלמן קראַפּיווניקאָוו, וואָס זיין נאָמען איז קיינמאָל ניט געווען באקאנט און איז איצט אוודאי פארגעסן.

אָבער אָט די דריי האָבן געשאפן יידישע קולטור־געשיכטע!

איך בין געווען אין מדינת ישראל א קורצע צייט. אָבער אויך אין אזא קורצער צייט האָב איך ביי אייך געטראָפן סיי יידישע אינטעליגענטן — טאקע אויך א יידישן דאָקטאָר! — וואָס זענען איבערגעגעבן צו דער יידישער שפּראך; סיי יידישע ארבעטער־טוער, סאָציאליסטן, וואָס יידישע שפּראך, יידישער לשון איז א טייל פון זייער וועלט־באנעם; סיי אויך א פּאָר שטילע, באשיידענע בחורים, וואָס גיבן אָפּ יעדע פרייע רגע פארן יידישן וואָרט, פארן יידישן בוך — און זענען זיך גרייט דערפאר מוסר נפש זיין!

פארבינדן זיי? צונויפשמידן פון אָט די דריי עלעמענטן איין כוח?

פונקט ווי מיט זעכציק יאָר צוריק איז עס די אויפגאַבע פון יידישן שרייבער. ער איז ביי אונז אלעמאָל געווען מער ווי בלויז א שרייבער: רעדנער, לעקטאָר, לערער, אָרגאניזאטאָר, קעמפער, וועג־ווייזער.

עס איז זיין אויפגאבע — און זיין פליכט.

די יידיש־וועלט, אין אלע קאָנטינענטן, ווארט אויף אָט דעם דרייסטן פירער־וואָרט פון ארץ־ישראל׳דיקן יידישן שרייבער. זי האָפט, אז ער וועט זיך אריינווארפן אין דער טאָג־טעגלעכער אר־בעט פון צונויפזאמלען און שטארקן די חובבי־יידיש כוחות אין לאנד. ער זאָל באמת ווערן דער פאָרשטייער, דער וואָרט־זאָגער פון די הונדערטער טויזנטער יידיש־רעדנדיקע בירגער פון מדינת יש־ראל. ער זאָל מיט ווירדע, עקשנות, מסירת נפש פארטיידיקן די ע פ נ ט ל ע כ ע ר ע כ ט פון דער יידישער שפראך אין יידן־לאנד.

ווענדן זיך, נאטירלעך, אלע בליקן צו אייך — דעם עלטסטן, דעם חשובסטן צווישן זיי.

אוודאי — דאָס וועט ארויסרופן בייז בלוט. אָנפאלן. שונאים וועלן קריצן מיט די ציין. וועלן שטערן מיט אלע כשרע און ניט כשרע מיטלען.

פאָדערט עס כוחות — א סך כוחות.

אָט די כוחות, אויף לאנגע, לאנגע יאָרן, ווינטש איך אייך — פון גאנצן הארצן.

יחיאל ששון
כפר בלום

☆

טייערער חבר יחיאל ששון:

א יונגע טאָכטער פון מיינער א שכנה אין בראָנקס פאַרט איצט אויף א האלב־יאָריקער הכשרה קיין מדינת ישראל. ווי געוויינלעך וועט מססמא איר „טויער" צו די קיבוצים זיין כפר בלום. שיק איך מיט מיינע גרוסן.

קורץ איז געווען מיין באזוך אין כפר בלום. סך הכל א פּאָר שעה. אָבער איך געדענק אונזער שפּאציר איבער די פּייכטע, ליימיקע סטעזשקעס צו די ברייטע רחבותדיקע פעלדער. איך געדענק אייער שטאָלץ ביים באווייזן מיר די פרישע געביידעס, די נייע מאַשינען, די עלעקטרישע סטאַציע, די נייע הייזער פאר די קינדער. און וואו איר האָט מיר ניט באוויזן אדורכצופירן — האָט מיר דערנאָך מיט שמחה געפירט דער אלטער הארציקער יוסף פיינמאן, וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג געארבעט אי פאר יידישע קולטור־זאכן אין אמעריקע, אי פאר זיין ציון־אידעאל און וואָס האָט — איינער פון די גאָר ווייניקע! — אויף די עלטערע יאָרן איבערגעלאָזט אין ברוקלין זיין זון, זיינע טעכטער און איידעמס, זיינע אייניקלעך, צו וועלכע זיין אלט הארץ און דאָס הארץ פון זיין ליבער פרוי ציען זיך אזוי שטארק — און איז אוועקגעפאָרן אזש קיין כפר בלום, וואו ער פארברענגט דעם אָוונט פון זיין לעבן אין גייסטיקער מנוחה, מיט דער פרייד פון זען ווי אלץ ארום אים וואקסט.

און אָט צעשטראלט זיך זיין פּנים. אונטער א ברייטן, צעצווייגטן בוים טאנצט א גרופּע קינדער. זיי גרייטן א פּסח־טאנץ, מיט וועלכן זיי וועלן משמח זיין אלע חברים און די הונדערטער געסט, וואָס וועלן איבערמאָרגן אָנקומען פון גאנצן לאנד, כדי צוזאמען פּראווען סדר.

און זיין אייגענע טאָכטער, דאָס מיידל פון ברוקלין, איז די לע־

רערין! זי פירט עס אָן מיט דער פריידיקער טאַנץ־גרופּע!

איז דען א וואונדער, וואָס ביים אלטן פיינמאַן גיסן זיך די אויגן איבער פון פרייד?...

אָבער אין צענטער פון מיינע איינדרוקן פון כפר בלום איז — אונזער לאנגער שמועס ביי איך אין צימער.

ווי איבעררַאשנד־פריידיק עס איז געווען צו געפינען אין כפר בלום א יונגן מענטשן פון טשיקאַגאָ, וואָס רעדט א פּרעכטיקן יידיש, וואָס איז אויסגעבונדן אין דער גאַנצער פארקנופּטער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן פאָלקס־לעבן, וואָס קען אויסגעצייכנט אונזערע שווערי־קייטן אין אמעריקע און וואָס קוקט קלאָר און קריטיש אויף די פּראָבלעמען פון זיין נייער היים!

ערשט צום סאַמע סוף פון אונזער לאנגן שמועס, וואָס איז מאָ־מענטנווייז אריבער אין וויכוח, האָט איר מיר אויסגעזאָגט דעם סיורפּריז, אז מיר האָבן שוין אונזער „באַקאַנטשאַפט" געשלאָסן מיט א פּאָר יאָר צוריק — ווען איך האָב אין אן אמעריקאנער יידישן זשורנאַל געשריבן וועגן „באַנקראָט פון דער חלוצים־באוועגונג אין אמעריקע" און די חלוצים־באוועגונג האָט דאן — דווקא אייך בא־שטימט מיר אָפּצוענטפערן.

בין איך טאַקע געווען באַזונדערס צופרידן, וואָס די פריערדיקע עפנטלעכע דעבאַטע האָט ניט געשטערט, אז אונזער שמועס זאָל זיין דער סאַמע פריינטלעכסטער. פאַרקערט, זי האָט גאָר געהאָלפן, אז ער זאָל זיין אָפנהאַרציק און זאָל אָנגרייפן די פּראָבלעמען ביים סאַמען וואָרצל.

מיר האָבן דאָן אונזער שמועס ניט פארענדיקט. איז אזוי ווי מיר האָבן שוין א שטיקל „טראַדיציע" אויסצוטוישן אונזערע מיי־נונגען דורך די שווארצע אותיות אויפן פּאַפּיר — דערלויבט מיר, צוזאַמען מיט די הארציקסטע גרוסן, וואָס איך שיק מיט מיין שכנה'ס טאָכטער, אויך מיטצוגעבן א פּעקל פון מיינע אייגענע רעיונות...

וואו איך בין ניט געגאַנגען, מיט וועמען איך האָב ניט גערעדט אין מדינת ישראל, האָב איך זיך אומעטום אָנגעטראָפן אויף דער עקשנותדיקער פראַגע:

— פאַרוואָס זענען ניט אַראָפּגעקומען די יידן פון אמעריקע?

ווייל איך אייך בעטן, ליבער חבר ששון, ענטפערט מיר אויף מיין פראגע:

האָבן טאַקע די יידן פון ארץ־ישראל באמת געמיינט, אז ווען די מלוכה וועט פראָקלאמירט ווערן, וועלן די אמעריקאנער יידן, אין די הונדערטער טויזנטער אָדער אפילו אין די צענדליקער טויזנטער, אָוועקוואַרפן זייערע וואוין־ערטער, איינפּאַקן זייער האָב און גוטס און זיך אַ לאָז טאָן קיין חיפה און תל־אביב, אין גליל און אין נגב?

איך קאָן פארשטיין, אז עס האָט זיך געגלוסט אזוי צו גלויבן! אז אויסער הונדערטער טויזנטער האלב־אנאלפאבעטישע יידן פון די אַראַבישע לענדער וועלן קומען צענדליקער טויזנטער אמעריקאנער יידן מיט בילדונג, מיט ציוויליזאציע. אז אויסער די אָפּגעריסענע אָרעמע יידן פון תימן וועלן קומען מחנות רייכע אָדער לכל הפּחות פארמעגלעכע אמעריקאנער יידן. אז חוץ בחורים פון מאראָקאָ, וואָס מען דארף זיי ערשט אָנהויבן לערנען וואָס ארבעט הייסט — וועלן קומען יונגע מענטשן מיט דער אמעריקאנער טעכנישער בילדונג און זיי וועלן עס ווערן די לערער און זיי וועלן אויפהויבן דאָס וויס־טע לאנד צו דער הויכער טעכנישער מדרגה פון ניו־יאָרק און טשי־קאגאָ, פון די פארמס אין ניו דזשוירזי און פעטאלומא...

אוודאי, טראַכט איך, איז גוט צו שפּינען אזעלכע חלומות. עס איז אַזוי אפשר לייכטער איבערצוטראָגן די שווערקייטן. ווען עס ווערט שוין גאָר ביטער אויפן האַרצן צוליב די צרות, קאָן מען אויסלאָדן די ביטערקייט אויפן אמעריקאנער טוריסט:

— וואָס פארא יידן זענט איר! איר לעבט דאָך אין גלות ביי די גוים! ווייסט איר דען ניט וואָס דער מאָרגן וועט אייך ברענ־גען? האָט איר ניט געזען וואָס היטלער האָט געטאָן! ה י י נ ט זענט איר רייך און זאט — און מ אָ ר ג ן וועט איר קומען ווי בעטלער און קלאַפּן אין אונזערע טויערן! אויב איר וועט נאָר באַ־ווייזן אנטלויפן פון דער שחיטה... פארוואָס זענט איר ניט ע ו ל ה, אזוי ווי מיר זענען עולה געווען?

פרעג איך: וואָס האָט איר געשוויגן, חבר ששון, איר און אייערע פריינט, די אמעריקאנער חלוצים? איר ווייסט דאָך יאָ דעם אמת!

פארוואָס האָט איר זיי ניט געזאָגט, אייערע מיטבירגער פון

מדינת ישראל, אז דאָס איז אַלץ — פוסטע, שעדלעכע פאַנטאַזיע?

פאַרוואָס האָט איר זיי ניט דערציילט דעם ג ר ו נ ט ־ א מ ת פון אמעריקאַנער יידישן לעבן — אַז דער ייד איז איינגעוואָרצלט אין אַמעריקע און קיינער איז ניט מסוגל פון דאָרטן אים אַרויסצוּרייסן? אַז דער עלטערער דור, דער אימיגראַנטן־דור, איז צוגעפאַלן מיט ליבשאַפט צו דער נייער אמעריקאַנער ערד, אַז ער פאַרגעסט אויף קיין רגע פון זיין לעבן ניט, אַז ער איז דער ערשטער דור יידן — נאָך צוויי טויזנט יאָר פיניקונגען! — וואָס קאָן לעבן פריי, ווי א מענטש און א ייד, וואָס ליידט ניט פון נויט, פון הונגער, פון אונטערדריקונג, און אַז אמעריקע האָט אים דאָס אַלץ געגעבן פריי, מיט אַ ברייטער האַנט, מיט אַן אָפּן האַרץ. פאַרוואָס האָט איר זיי ניט איבערגעגעבן די וואונדערבאַרע שורות וועגן אמעריקע פון גרויסן יידיש־העברעאישן פּאָעט י. י. שוואַרץ:

„ליב איז די ערד אויף וועלכער איך טרעט
פריש איז די ערד און פרוכטבאַר און פעט.
מיידלשע ערד, אַזוי נאָכגיביק, מילד
קושט מיינע טריט מיט איר גראָז און זי קילט.
הויכט פון איר איינגעווייד עפּל־געשמאַק,
פאָכן די ווינטלעך און גלעטן מיין באַק.
כ׳וויים, ס׳איז די ערד ניט פאַרהייליקט מיט בלוט —
ס׳ליגט ערגעץ אַנדערש מיין טאַטע און רוט.
אָבער מיין קינד פון איר ערד איז א שטיק,
לויכט אין איר ליכט, איז באַגליקט פון איר גליק״.

וועגן די קינדער, די קינדער פון די אימיגראַנטן, קאָנט איר, חבר ששון, דאָך זיין דער בעסטער עדות! איר קאָנט דאָך דערציילן, ווי הויך עס איז אויפגעשטיגן אין דער אמעריקאַנער געזעלשאַפט דער יונגער יידישער דור, ווי ער האָט זיך פאַראַנקערט אין אַלע געביטן פון לעבן, פון קולטור, פון קונסט, פון אינדוסטרי און האַנדל, פון פּאָליטיק און וויסנשאַפט.

האָט איר געדאַרפט זאָגן צו די יידן פון ארץ־ישראל, וועלכע רעדן וועגן א יציאת־אמעריקע, אַפילו ווען זיי וואָלטן ניט געוואָלט הערן דעם דאָזיקן אמת:

מענטשן פארלאָזן ניט א לאַנד, וואָס גיט זיי אזא פּראַכטפולע היים און באַזאָרגט אַט די היים מיט כּל־טוב!

און אויב מען וואָלט אייך געפרעגט:

— און וואָס איז מיטן ג ײ ס ט י ק ן הונגער? זענען ניט געפאָרן, מיט די ערשטע שומרים־גרופּעס, די זין פון די רייכע יידן פון רוסלאנד? זענען דען צווישן די בּנים פון די קבוצות ניט געווען פיל גימנאזיסטן און גימנאזיסטקעס פון פוילן, קינדער פון פארמעגלעכע היימען?

וואָלט איר געדאַרפט ענטפערן: ווי קאָנט איר גאָר פארגלייכן די לאַגע פון די יידן אין אַמעריקע מיט דעם ביטערן מצב פון יידן אין צארישן רוסלאנד, אין פוילן?!

און דאַן וואָלט איר זיי געדאַרפט דערציילן וועגן די מעגלעכקייטן, וואָס אמעריקע גיט יעדן איינעם, וואָס וויל דאָרט שטילן זיין גייסטיקן הונגער. און איר וואָלט זיי געזאָגט, וואָס די יידישע יוגנט פילט וועגן א י ר אמעריקע.

וואָלט מען אייך אפשר לסוף געזאָגט:

— זאָל טאקע זיין, אז די אמעריקאנער יידן מ ו ז ן ניט פאָרן קיין מדינת ישראל, אָבער מ י ר מוזן זיי דאָך האָבן! זאָלן זיי קומען שטארקן די מלוכה!

דערויף וואָלט איר געדאַרפט זאָגן:

— ניט אזוי האָט מען מיך געלערנט ציוניזם! ציוניזם, האָבן מיינע מדריכים געזאָגט, איז עפּעס אזוינס, וואָס ד אָ ס פ אָ ל ק דאַרף האָבן — פ א ר ז י ך, פאַר קאָנען בעסער לעבן. אן אייגענע מלוכה, האָבן זיי געגלויבט איז גוט — ווייל זי קאָן העלפן יידן. דאָס וואָס איר זאָגט אָבער, איז — ציוניזם מיטן קאָפּ אראָפּ! ניט א מלוכה — פאַר יידן, נאָר יידן — פאַר דער מלוכה.

און נאָך איין וויכטיקע זאַך דאַרף מען צוגעבן:

— נאָר א קאטאסטראָפע פון היטלער־פארנעם וואָלט געקאָנט ארויסרייסן די יידישע מאסן פון אמעריקאנער באָדן. עס פעלן ניט אין מדינת ישראל קיין סאדיסטן, וואָס סטראַשען דאָס יידישע פאָלק מיט אזא צווייטן חורבן. אָבער וויסן דאַרף מען: אויב חלילה וחס עס וועט קומען צו אזא אומגליק — וועט עס זיין דער סוף פון דער גאנצער מענטשלעכער ציוויליזאציע.

און צווישן די ערשטע שפענדלעך, וואָס וועלן צעריבן ווערן צווישן די גיגאַנטישע כוואַליעס, וועט זיין דווקא דער קליינער, שוצלאָזער יידישער פאַרפאַסטן צווישן ים התיכון און ים המלח!

מיר איז ניט געגנוג געווען דער שמועס מיט איך. בין איך אוועק־געפאָרן אין נגב, אין קיבוץ אורים, וואו זעכציק פּראָצענט זענען יונגע מענער און פרויען פון אמעריקע. איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייער אַרבעט. איך האָב שעהן־לאַנג זיי אויסגעפרעגט, אויסגעהערט זייערע מיינונגען.

וואָס זשע איז געווען מיין איינדרוק?

דער אויטאָ פאַרקירעוועט זיך פון שטויביקן שאָסיי אויפן שמאָ־לן וועג, וואָס פירט צום קיבוץ. אָנשטאָט דער דערדריקנדער אומ־ענדלעכקייט פון נגב־זאַמד געפינסטו זיך מיט אַמאָל צווישן הויכע בוימער. אַרום דיר ציען זיך אַוועק ברייטע גרינע פעלדער. אין מיטן — עטלעכע צענדליק בלאַנק־נייע פּראַכטפולע הייזלעך. ווי געוויינ־לעך אין קיבוץ — דער נייער, געררוימער עס־צימער. די מאָדערנע קיך. מעכאַנישע וואַרשטאַטן. אַ לאַנגע שורה מאַטאָרן פון כלערליי מינים. די סטאַדע בהמות אין שטאַל, דער „לול".

און פאַרשטייט זיך — די קינדער־הייזער, וואו דער נייער דור האָדעוועט זיך אַזוי שיין.

אַן אָאַזע פון גרינס און אַ באַווייז פון כוח פון מענטשלעכן אויסדויער.

בלי ספק: אין דער מלחמה צווישן מענטש און מדבר האָט דאָ געזיגט — דער מענטש.

דער קיבוץ, זעט אויס, איז שוין אַריבערגעקומען די „קינדער־ווייען". ער שטייט שוין עקאָנאָמיש אויף פעסטע יסודות. ער האָט זיך שוין פאַרפונדעוועט געזעלשאַפטלעך. די קיבוצניקעס זענען שוין פאַרקנופּט געוואָרן סיי צווישן זיך און סיי מיט דער ערד. ווען דו זעסט זיי אַרומגיין אין זייער קיבוץ־הולך אין שטאַל ביי די בהמות, ווי זיי טראָגן צוגעטוליעט צו זיך די שעפּסעלעך, ווי זיי בויגן זיך איבער די קוועקזילבערדיקע, פריש־געבוירענע הינדעלעך — דאַן איז זיך שוין שווער פאַרצושטעלן, אַז נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָס זעלבע מיידל, אויסגעפּוצט לויט דער לעצטער מאָדע, גע־פאָרן אין ניו־יאָרקער סאַבוויי אין האַנטער־קאָלעדש; אַז דער פוי־

ער, וואָס פירט איצט א הויך־געפּאַקטן לאַסט־אויטאָ היי פון פעלד האָט אין דער זעלבער צייט שטודירט „פּאַבליק אַקאַונטס״, בוכהאַל־טעריע, אין אילינאָי־אוניווערסיטעט.

פון דער געדיכטער פּאָרע פון דער וועשעריי קומט צו אונז אַרויס מיט א פרייליכן „שלום״, וואָס גייט באַלד איבער אין א „האַו־דו־יו־דו״, א באַרוועס מיידל מיט א טיכל אויפן קאָפּ. די אַרבל פון העמד פאַרקאַטשעט, דאָס פּנים רויט, פאַרשוויצט.

גיי וויס, אַז מיט צוויי יאָר צוריק איז זי נאָך געווען אַן ענגלישע לערערין אין א שטעטל נעבן לאָס אַנדזשעלעס. די באַרוועסע פיס זענען געווען געהילט אין די דינסטע ניילאָן־זאָקן. די איצט שוין א ביסל צופּיל „צעאַקערטע״ הענט זענען געווען געקעכלט דורך די איידלסטע זאַלבן און בשמים פון דער אַמעריקאַנער קאָסמעטיק. אַנשטאָט דעם איצטיקן פּראָסטן לבוש — די מאָדערנסטע קלייד־לעך פון האָליוואָודער סאַנסעט־בולוואַר.

יאָ, זי און אירע חברים און חברטעס זענען שוין אַריבערגעקו־מען אי די נאָסטאַלגיע, אי די צרות פון אַקלימאַטיזאַציע אין נגב, אי דעם איבערגאַנג צום האַרטן, אָרעמען און גאַנץ נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרד, אי די צופּאַסונג צום קאָלעקטיוון שטייגער, וואָס איז אַזוי שווער פאַרן אַמעריקאַנער אינדיווידואַליסטישן מענטשן.

און בינו לבינו זענען דאָך צוגעקומען קינדערלעך. יעדעס יינ־געלע, יעדעס מיידעלע — א נייער וואָרצל פאַרגראָבן אין נגב־זאַמד, א פרישער פעסטער בונד מיטן נייעם היים־לאַנד.

דערווייל רעדט מען נאָך צווישן זיך דער עיקר — ענגליש. פון אַמעריקע שיקן פריינד, קרובים די לעצטע ענגלישע מאַגאַזי־נען. מען לייענט די ניו־יאָרקער „בעסט־סעלערס״. מען כאָוועט די קינדערלעך לויט די אינסטרוקציעס פון די באַקאַנטע אַמעריקאַנער מעדיצינישע ביכער. עס גייען נאָך אַלץ אָן די ניו־יאָרקער, די לאָס אַנדזשעלעסער דיסקוסיעס, וועגן פּסיכאָ־אַנאַליז, פּסיכאָ־סאָמאַטיק. מען לייענט די מאָדערנע ענגלישע פּאָעטן ע. ע. קומינגס און ט. ס. עליאָט. אָבער עס וועט נעמען נאָך א פּאָר יאָר — אָט די גרופּע וועט שוין ווערן ישראלים. און די מערהייט, וואַרשיינלעך — צופרי־דענע ישראלים, מענטשן, וואָס האָבן געפונען גייסטיקע קאָמפּענ־

סאַציע פאַר די מאַטעריעלע קרבנות, פאַר די פאַמיליע־ריסן, פאַר די אויפגעגעבענע פיל־צוזאָגנדיקע פערזענלעכע קאַריערעס.

האָב איך פאַרלאָזן זייער קיבוץ מיט א געפיל פון אנטציקונג. דאָ איז צונויפגעזאַמלט בענקשאַפט און גלויבן, נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פאַרמעסט, אידעאַליזם וואָס גרענעצט מיט העלדישקייט.

אמת — זיי זענען בלויז א טייל, פאַקטיש א מיעוט אויך צווישן דער קליינינקער גרופע אַמעריקאַנער יונגע ציוניסטן, וואָס האָבן יאָ געפּאָלגט זייער איבערצייגונג, וואָס זענען יאָ געפאָרן קיין ארץ־ישראל. אויף יעדן איינעם וואָס איז געבליבן — איז איינער צוריק־געפאָרן. טייל — פאַרשעמטע צוליב זייער שוואַכקייט: טייל אפילו — צעבראָכענע, פאַרביטערטע.

און דאָס זענען דאָך געווען די סאַמע אָפּגעקליבנסטע, די רייפּ־סטע פּראָדוקטן פון א דור אינטענסיווער ציוניסטישער דערציאונג און חלוציות — אין זייערע ציוניסטישע היימען, אין דער שולע, אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, נאָך לאַנגע יאָרן הכשרה!

הויבט דאָס אויף א לאַנגן צעטל פראַגעס:

לוינט זיך עס? האָט זיך געלוינט אָט די יאָרן־לאַנגע שווערע אינטענסיווע ארבעט — בדי צו קריגן נאָך א הונדערט קיבוץ־חברים אין נגב? איז ווערט געווען אריינצובראָקן אזעלכע פאַרמעגנס? האָט מען ניט פאַר א בהוכטייל פון אָט די גרויסע סומעס געקאָנט באַזעצן דריי מאָל אזוי פיל יוגנטלעכע פון ישראל — און באַזאָרגן זיי מיט אזעלכע באַקוועמלעכקייטן, אז דאָס גיין אין קיבוץ זאָל ניט זיין קיין קרבן; אז מען זאָל זיי ניט דאַרפן שטויסן מיט בייטשן פון שטראָף־רייד, נאָר אז עס זאָל אליין ציען אין אזא גוטן באַקוועמען קיבוץ?

איז עס טאַקע אזוי ווייטיק צו פועלן ביי א הונדערט הויך־געבילדעטע אַמעריקאַנער יונגע יידן, אַז זיי זאָלן אַוועקוואַרפן זייער וויסן, זיך אָפּזאָגן פון די קולטור־שעפערישע ארבעטן, צו וועל־כע זיי זענען במשך פון אזוי פיל יאָרן געשולט געוואָרן — און זיך אויסלערנען זיין ערד־אַקערער, בהמות־מעלקערינס, אייער־פּאַקער, אין בעסטן פאַל נשקשהדיקע ארבעטער אויפן פעלד? איז עס ניט א גרויסער פאַרלוסט פון אָנגעזאַמלטע גייסטיקע פאַרמעגנס?

איז דאָס, מיינט איר, דער איינציקער וועג, ווי אזוי די נאַציאָ־

נאל־באוואוסטזיניקע יונגע יידן פון אמעריקע קאָנען דינען מדינת ישראל און דעם גאנצן פֿאָלק — אז אין א פּאָר פון די הונדערטער ישובים פון אייער לאַנד זאָלן געוועזענע אמעריקאנער לערער, פּסי־כאָלאָגן, סאָציאָלאָגן, מעדיקער און קראנקן־שוועסטער זייען בורא־קעס און קארטאָפל?

זעט ווי אמעריקע, דאָס גויאישע, גלותדיקע אמעריקע נוצט אויס די טאלאנטן פון אונזער יידישער יוגנט! און וואָס טוט מיט זיי מדינת ישראל?

קאָן זיין, אז עס איז אמת, ווי מען זאָגט, אז די קליינע גרופּקע־לעך אמעריקאנער חלוצים באַאיינפלוסן מיט זייער געזונטן פּראַג־מאטישן צוגאנג די אביסל צו שטייפע, צו דאָקטרינערישע איינפּי־רונגען אין קיבוץ. אָבער צי איז מען ניט מגזם זייער ראָל? צי קומט דער פּראָצעס פון לויזער מאכן די דיסציפּלין, די גייסטיקע מאָנאָליטישקייט פון קיבוץ ניט פאר סיי ווי, פון זיך אליין? צי שטויסט ניט צו דעם דאָס לעבן גופא, דער ווילן אריינצונעמען מח־נות נייע, ווייניק צוגעגרייטע מענטשן פון די מזרח־לענדער, דער נאטירלעכער דראנג פון יעדן יחיד נאָך א ביסל מער פּריוואט לעבן, אָן דעם דיקטאט פון מנהל, פון דער קיבוץ־פּארוואלטונג?

אָבער צו אייך, חבר ששון, וואָס קען אזוי גוט ניט נאָר מדינת ישראל, נאָר אויך דאָס יידישע לעבן אין אמעריקע, קאָן מען קומען מיט נאָך איין פראגע:

— און וואָס איז וועגן די באדערפע־נישן פון די יידן פון אמעריקע?

איר זענט דאָך ניט פון יענע עם־הארצישע סאברעס און גלאט בלינדע ציוניסטישע פראזן־טרעגער, וואָס ווייסן שוין אויף זיכער, אז דאָס יידנטום אין אמעריקע גייט אונטער אין א וועלכע צוואנציק יאָר!

איר ווייסט דאָך יאָ, אז ניט אין צוואנציק און ניט אין פינף מאָל צוואנציק יאָר אַרום וועט דאָס אמעריקאנער יידנטום אונטער־גיין. איר האָט דאָך פון די ערשטע קינדער־יאָרן אייערע געהערט דאָס קראקען פון די בייזע מרה־שחורהדיקע וואָראָנעס, וואָס האָבן פאָראויסגעזאָגט נאָר אונטערגאנג. שוין באלד הונדערט יאָר, ווי עס וואַרט דער אָפענער קבר, וואו דאָס אמעריקאַנער יידנטום דארף

קומען צו זיין לעצטער רו... און דער „בעל־דבר״, ניט נאָר וואָס ער קלייבט זיך ניט אוועקצולייגן זיך אויף דער מיטה — ער וואקסט גאָר, קיין עין הרע, ער ווערט שטארקער, געזונטער, נאציאָנאל באַוואוסטזיניקער!

אוודאי מיינט עס ניט, אז דער אמעריקאנער יידישער ישוב איז שוין אזוי פארפעסטיקט, אז זיין נאציאָנאלע צוקונפט איז פארזיכערט. מיר פילן דאָך, ווי די אסימילאציע רייסט פון אונז שטיקער. ווי עם־הארצות פארשפרייט זיך אין יידישן לעבן — און דערגרייכט ביז צו די סאמע שפיצן. מיר ווייסן, אז אויפן וויכטיקסטן פראָנט — דעם פראָנט פון חינוך — איז ביי אונז זייער, זייער שלעכט.

איז כאָטש דער גזר „חייב למות״ איז אָפגעשריגן געוואָרן — דראָען אונז נאָך אָן א שיעור געפארן.

דערפאר קוקן מיר מיט אזוי פיל זאָרג אויף אונזער יוגנט. זי וועט דארפן איבערנעמען די אָנפירערשאפט פון ישוב פון די הענט פון אימיגראנטן־דור און זייערע קינדער.

דרייט זי זיך ארום א צעטומלטע, די אמעריקאנער־יידישע יוגנט. זי גייט אין די טעמפלען, אין די סינאגאָגעס זוכן א תיקון פאר איר אויפגעוואכטער יהדות — קאָן זי זיך אָבער ניט אָנווארעמען צווישן די קאלטע מארמאָרנע ווענט, אין די גרויסע, פוסטע זאלן זייערע. לויפט זי אין די „קאָמיוניטי־סענטערס״, צו די פארגויאישטע „סאשעל ווארקערס״ און דאָרטן, צווישן פוטבאָל און באסקעטבאל, צווישן איין רומבא און א צווייטער, פרובירט מען ארייַנשמוגלען א שטויבעלע יידישקייט.

טראכט איך כסדר, זינט איך האָב מיט אייך געשמועסט אין כפר בלום, זינט איך האָב געזען די אמעריקאנער חלוצים אין אורים:

ווי גוט וואָלט געווען, ווען א פאָר הונדערט אזעלכע יוגנטלעכע וואָלטן זיך ארייַנגעוואָרפן צווישן דער אמעריקאנער יידישער יוגנט!

מיר דארפן יוגנט־פירער מיט יידיש וויסן — און זיי האָבן עס דאָך, א סך, א סך מער ווי די סאשעל ווארקערס! יוגנט־פירער מיט אויפריכטיקן אידעאליזם מיט נאציאָנאלן באוואוסטזיין, מיט ברייטער וויזיע — ניט די ראבאיס מיט זייערע סאנדיי־דרשות,

מענטשן איבערגעגעבן מיט לב ונשמה דעם קאמף פאר יידישן קיום.

שאַץ איך הויך אָפּ דעם אויפטו פון אייערע חברים — זייער אידעאַליזם, דעם דראַנג אָנצופילן זייער לעבן מיט וואָס מער מאָ־דערנער יידישקייט, זייער ווילן צו זיין שותפים אין דער גרויסער פאָלקס־זאַך, וואָס רופט זיך: מדינת ישראל. קוקט מען אויף זיי ווי אויף א גרופּע יחידים, יונגע יידן פון אמעריקע — קאָן מען בלויז האָפן, אז זיי וועלן מצליח זיין, אז זיי וועלן זיין גליקלעך אין לאנד פון זייער אויסוואַל.

פאראַן אָבער אויך א צווייטער „חשבון" — אַן אַלגעמיינער נאציאָנאַל־יידישער. און דער צווייטער „חשבון" ווייזט עפּעס אַנ־דערש!

וואָרעם איר ווייסט דאָך יאָ, וואָס אמעריקאַנער יידנטום מיינט היינט פארן גאנצן יידישן פאָלק! און גאנץ באַזונדערס טאקע פאר מדינת ישראל!

רוף איך אייך און אייערע חברים צוריק קיין אמעריקע?

ניין! אויב עס וועט אויפקומען א „חלוצישע" באַוועגונג א י ן דער יידישער אמעריקע, פ א ר דער יידישער אמעריקע — און דאָס איז, אויף וואָס מיר האָפן! — וועט זי שוין מוזן זיין אָן אייך. אייער האַרץ געהערט שוין צו די פעלדער פון עמק, צום גליל. אייע־רע קינדער וועלן שוין אויפוואַקסן מיט ליבשאַפט ניט צום האַדסאָן און די „ראַקי מאונטעינס", נאָר צום ירדן, צום ירקון, צום טבור און גלבוע. זיי וועלן שוין עולה רגל זיין ניט קיין געטיסבורג און ניט צו דעם אמעריקאנער נאציאָנאַלן בית עלמין אין אַרלינגטאָן ביי וואשינגטאָן — נאָר צו מסדה, צו תל חי, צום הר הרצל אין ירושלים. זיי וועלן שוין ניט דעקלאַמירן וואָלט וויטמאַנס אָדעס צו אמעריקע, נאָר וועלן זינגען רחל'ס

מעולם לא טהרתי בתכלת שוקטה ובחום
של כנרת שלי... הוי כנרת שלי
ההיית, או חלמתי חלום?...

און איר גופא, חבר ששון? אייערע עלטערן זענען שוין אויך אין מדינת ישראל. איר קאָנט נאָך אפשר קומען צו אונז אין אמע־ריקע אויף א וויזיט, אין געזעלשאַפטלעכער שליחות, אָבער אייער היים איז שוין מער ניט טשיקאַגאָ, נאָר גליל העליון.

און איצט זענט איר דערהויבן געוואָרן צום הויכן אמט פון מנהל
פון כפר בלום! איר פאַראייביקט דאָך אַ נאָמען, וואָס איז גלייך
טייער אַ ל ע יידישע סאָציאַליסטן, וואו זיי זאָלן ניט וואוינען.
איך קאָן איך נאָר ווינטשן — דערפאָלג. און זאָל טאַקע אייער
קיבוץ ווערן אַ שטאָלץ פאַרן לאַנד און אַ קוואַל פון באַגייסטערונג
פאַר סאָציאַליסטן א ו מ ע ט ו ם.

איך גיי זיך אויך ניט „דינגען" וועגן דער יידישער טאָכטער
פון בראָנקס, וואָס איז איצט אוועקגעפאָרן אויף הכשרה צו אייך.
אויב זי וועט טאַקע דערפילן, אַז ישראל אַנטשפּרעכט אירע יוגנט־
חלומות, אויב זי וועט אין קיבוץ איינזען איר בעסטן וועג צו דינען
דער סאָציאַליסטישער אידייע און דעם יידישן פאָלק — זאָל עס איר
וואויל באַקומען! אין אַלע צייטן, אין אַלע דורות זענען ביי אונז,
אויסער דער עמיגראַציע פון יידישע מ א ס ן פון לענדער פון
נויט און נגישות צו לענדער מיט אַ האָפענונג אויף זאַטקייט און
שוץ, אויך געווען י ח י ד י ם וואַנדערער, וואָס פלעגן זיך ציען
אויף אַנדערע וועגן, אין זוכעניש פון גייסטיקער מנוחה.

אויב אָבער זי וועט צוריקפאָרן קיין בראָנקס — זעט, אַז זי
זאָל ניט מיטנעמען פון ישראל אַ פ אַ ר אַ כ ט ו נ ג צו איר
היים! רימט די מעלות פון לעבן אין ארץ־ישראל, אין אַ קיבוץ ביז
צום הימל — דאַרף עס אָבער זיין אויפן חשבון פון אראָפּנידעריקן,
מבטל מאַכן, אויסלאַכן דאָס יידיש לעבן אין אמעריקע? אויב זי
וועט ביי זיך ניט קאָנען באַשליסן צו ווערן אַ חלוצה אין נגב — זאָל
זי כאָטש איינהאַלטן אַ ניצוץ פון חלוצישן גייסט פאַר ניו־יאָרק!
פאַרוואָס זאָלן זיך מערן אין אמעריקע די צאָל פון יונגע מענטשן,
וואָס זענען ניט „דערפאָרן" פּערמאַנענט קיין מדינת ישראל, אָבער
וואָס האָבן דערפאַר צוריקגעבראַכט ביטול און פאַראַכטונג צו זייע־
רע עלטערן, צו אונזער גאַנצן ישוב?

איר רעדט כסדר וועגן דער „מיסיע" פון אמעריקאַנער חלוצים
אין מדינת ישראל. איז מילא, וויפל איר קאָנט אויפטאָן אויפן גע־
ביט פון אריינברענגען די אמעריקאַנער טעכניק, די אמעריקאַנער
אַרבעטס־מעטאָדן און אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע — וועגן דעם קען
איך גאָר ניט שרייבן. איך פאַרשטיי זיך ניט דערויף. מיין אויבער־
פלעכלעכער איינדרוק איז, אַז קיין גאָר וואַגיקן טעכנישן בייטראַג

מאכן זיי ניט, די אמעריקאַנער חלוצים. אַז דער סאַברע איז פונקט אַזאַ מאדים ביי פאנאנדערשרויפן רעדלעך, ביי צוזאמענשטעלן א מאָטאָר — ווי די יידישע בחורים פון ברוקלין און דעטראָיט; אַז מיין קרוב׳ס יינגל אין קרית חיים ביי חיפה איז פונקט אזוי פאַר־קאָכט אין מייסטערווערן, בויען, מאָדעלירן, ווי מיין אייגענער זון אין בראָנקס; אַז דער תימנער בחור, מיט זיין חריפישן קאָפּ, כאפט לייכט אויף די חכמה פון פירן א לאסט־אויטאָ און אַרבעטן ביי א קאָנווייער.

אייער אמתע מיסיע — מיין איך, — א וויכטיקע, ממש היסטאָ־רישע מיסיע, איז:

ווערט אמבאַסאַדאָרן פון דער יידי־שער אמעריקע!

איך האָב געשטוינט, אין מיינע שמועסן איבערן לאנד, ווי ווייניק מען ווייסט וועגן אונז און ווי פאַלש איז דאָס בילד, וואָס מען האָט וועגן אונז. איך האָב געטראָפן גרויסע עקספערטן פוז דער וועלט־פּאָליטיק, וואָס האָבן געוואוסט אַלע פּרטים וועגן דער פּאָ־ליטישער לאַגע פון נאָרוועגיע ביז ניי־זעלאַנד. פון גוואטעמאלאַ ביז סיאם — אָבער וואָס האָבן מיך אויפגעטרייסלט מיט זייער עם־הארצות וועגן דעם אַמעריקאַנער יידישן ישוב, וואָס איז א העלפט פון גאַנצן פאָלק און וואָס איז דערוויייל דער אייבציקער זיכערער, פאַרלעסלעכער פאַרבינדעטער, וואָס מדינת ישראל פאַר־מאָגט.

ווערט אין מדינת ישראל די פאָרשטייער פון די יידן פון אַמעריקע — די אַלטע יידן פון דער איסט־סייד, די מיטל־יאָריקע פון פאָרעסט־היל און די סאַמע יונגסטע, פון די נייע ישובים הינ־טער די גרויסע שטעט, די לואיסטאונס ביי ניו־יאָרק און די פאָרעסט פּארק׳ס ביי טשיקאגאָ!

אנטפּלעקט פאַר די אנדערטהאלבן מיליאָן יידן פון ישראל, פאַר דער יוגנט, דעם גרויסן נס פון אונזער פאָלקס־געשיכטע: אַז ווען די נאָך אומזעבארע האַק האָט זיך באַוויזן איבערן טויזנט־יאָריקן יידישן שטאם פון מזרח־איראָפּע, האָט א געהיימניספולער פאָלקס־אינסטינקט, ממש אַן אויבערשטע השגחה, א הויב געטאָן מיליאָנען יידן און זיי א פיר געטאָן איבערן אָקעאַן — כדי אין אַן

עת צרה, ווען דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט, זאָל דער יידישער קיום ניט אויסגעוואָרצלט ווערן; כדי עס זאָל, נאָכן גרויסן חורבן, זיין א מעכטיקער פעלז פון יידישן לעבן. אָן אַנשפּאַר פאַרן יידישן קיום־געראַנגל אומעטום, א שותף אין קאַמף פאַר מדינת ישראל — די פינף מיליאָן יידן פון אַמעריקע!

דערציילט זיי, ווי קליין, ווי שוואַך, אַנעמיש עס איז געווען אָט דער יידישער קיבוץ קוים מיט זיבעציק יאָר צוריק, ווען די רייכע יאהודים, די משפחות שיף און שטראוס האָבן גערעדט פאַרן אמעריקאַנער יידנטום.

דערציילט זיי נאָך אמאָל וועגן דער אָרעמער, דערשלאָגענער מאַסע, וועלכע די שיפן האָבן אַרויסגעשפּיגן אויפן „קעסטל־גאַרדען", וועלכע די חושכ'דיקע טענעמענטס פון דער איסט־סייד האָבן איינגעשלונגען אין זיך. גיט איבער וועגן איר שפּלות, איר פאַרצווייפלונג. מאָלט פאַר זיי דאָס בילד פון סוועט־שאָפּ. און חזרט איבער די נבואות, מיט וועלכע מען האָט זיי בשעתו באַגעגנט — אַז זיי, די יידן, וועלן גלייך צעריבן ווערן צווישן די מיל־שטיינער פון אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ און קיין שריד וועט פון זיי ניט בלייבן צו דעם נאָענטסטן דור.

און דאַן — פירט זיי אריבער פון אָט דעם האָפענונגסלאָזן בילד מיט אַ דור שפּעטער. בלויז א י י ן ד ו ר שפּעטער! באַווייזט זיי די פאַרכאַפּנדיקע פּאַנאָראַמע פון יידישן אויפבוי במשך פון איין איינציקן דור! מאָלט פאַר זיי דעם אימפּעט פון אויפשטייג פון אמעריקאַנער יידנטום. דערציילט זיי, וואָס די הונגעריקע, אומוויסנדע מאַסע האָט דערגרייכט: אין מאַטעריעלן און גייסטיקן זין; פאַר זיך, פאַר זייערע קינדער, פאַר אַמעריקע, פאַרן יידישן פאָלק. דערציילט וועגן די הויכן, צו וועלכע די יידישע שניידער, די היטל־מאַכער, די בעקער האָבן דערפירט זייערע קינדער.

שאַנעוועט אונז ניט! דערציילט אויך וועגן אונזערע פעלערן, וועגן אונזערע דורכפאַלן. מיר האָבן זיי איבערגעגעבן! זיי פילן אָן אונזערע הערצער מיט ווייטיק. אין אונזערע נשמות הויזט דער וואָרעם פון ספק און אָפּטמאָל ווערן מיר אַפילו באַהערשט פון יאוש.

דערציילט אָבער אויך די יוגנטלעכע פון מדינת ישראל, די סאַברעס און די יונגע ברידער און שוועסטער פון תימן און מאַראָ־

קאָ, ווי אַזוי פון די פינצטערע ניו־יאָרקער שניידער־שעפּער, פון איבער די בעקער־דייזשעס, אַראָפּ פון די רושטעוואַניעס, פון די מוליער־לייטערס האָט זיך דערהערט דאָס יידיש געזאַנג. ווי פון אָנהויב איז עס געווען אומבאַהאָלפן, אָנגעלאָדן בלויז מיט פאַר־צווייפלונג און האַס. אָבער ווי שפּעטער, ממש נאָך אַ פּאָר געציילטע יאָרן, האָט עס זיך צעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט מיט דער זיסטער מוזיק — וואָס מען דאַרף ערשט גיין צוריק צו דער גאָל־דענער תקופה ספרד, צו שלמה בן גבירול און צו יהודה הלוי, כדי צו געפינען איר גלייכן — אין שיינקייט, אין הומאַניזם, אין נאַציאָ־נאַלער אינספּיראַציע און אין וועלט־באַהעפטונג.

איר זענט דאָך, חבר ששון, אַ פירער פון אַ סאָציאַליסטישן קיבוץ, אַ חבר פון דער הסתדרות, אַ מיטגליד פון מפא״י — טאָ דערציילט עפּעס די יונגע אַרבעטער פון ארץ־ישראל וועגן דער יידישער אַר־בעטערשאַפט פון אַמעריקע! באַקענט זיי מיטן גרויסן סאָציאַליסטישן אויפשוואונג אויף דער איסט־סייד פון אַמאָל, וואָס האָט אויסגע־האַמערט דעם וועג פאַר רוזוועלטן און פאַר דער נייער, פרייער, דע־מאָקראַטישער אַמעריקע; וועגן מאיר לאָנדאָן און מאָריס הילק־וויט; וועגן ב. וולאַדעק׳ס און שיפּלאַקאָוו׳ס געפעכטן מיט דער אַמע־ריקאַנער רעאַקציע וועגן די גרויסע שטרייקן פון די קלאָוק־מייקערס און וועסט־מייקערס; וועגן אַרבעטער־רינג און נאַציאָנאַלן אַרבע־טער־פאַרבאַנד, וועגן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. מאָלט פאַר זיי דאָס בילד פון דער ראָל, פון דער חשיבות פון די יידישע אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס א י צ ט, זייער פירערשאַפט אין די רייען פון גאַנצן אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס.

* * *

אויף צוויי גרויסע „ניסים״ האַלט זיך איצט דער קיום פון יידי־שן פאָלק. צוויי לויכט־טורעמס אויף הויכע פעלזן, אויפגעקומען אין דער זעלבער צייט.

נס מדינת ישראל און נס אַמעריקע.

וועלכער נס איז גרעסער? וועלכער איז וויכטיקער?

ווען מען גייען אָן אַזעלכע חקירות און אַמפּערנישן? קאָן מען דען בכלל מ ע ס ט ן די גרויס פון אַ נס?

אַלץ וואָס מען דאַרף איז — ז ע ן דעם נס! און דער אָטעם

דארף פארכאפט ווערן פון זיין איבערראשנדער, פארשיכורנדיקער גרויס!

דאָס איז, מיין איך די גרויסע אויפגאַבע פון אונזער דור.

מיר מוזן זיך איינע די אַנדערע דערקענען — אין דער גרויס־קייט פון אונזערע דערגרייכונגען. אוודאי זעען מיר אויך די חסרונות, די בלויזן, די דורכפאַלן, זיי וואַרפן זיך אַליין אין די אויגן; אין מדינת ישראל ניט ווייניקער ווי אין אַמעריקע. אָבער לאָמיר, צוליב אונזער קריטישן בליק, ניט פאַר־זען דעם פאַרנעם פון גאַנצן בילד. זאָלן זאַמד־פּלעקן, פאַר־דאַרטע קוסטעס און וואו ניט וואו אויך שטעכיקע קראַפּעווע ביי די פוס־טריט ניט שטערן זעען דעם גאַנצן וואַלד, די שורות הויכע, פעסטע דעמבעס און דעם יונג־וואַלד, וואָס הויבט זיך ערשט אָן ציען צום הימל.

יאָ, לאָמיר זיך זען אין אונזער גרויסקייט! וואָרעם עס איז ניט אונזער אַמעריקאַנער גרויסקייט און עס איז ניט אייער ישראלדיקע גרויסקייט. עס איז איין געמיינזאַמע גרויס־קייט. זי שטאַמט פון איין בשותפותדיקן שורש. זי איז אַן איינציי־טיקע, דאָפּלטע אַנטפּלעקונג פון איין און דער זעל־בער דערשיינונג:

דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפוואַכונג פון אונ־זער פאָלק.

משה סנה־קליינבוים
כנסת, ירושלים

✡

געוועזענער קאָלעגע:

איך בין זיך מודה, אַז ווען איך בין צוגעקומען צום בנין פון דער כנסת, האָב איך געהאַט ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך וועל פּרו־בירן אייך זען. סוף־כל־סוף זייט איר דאָך דאָרט געווען ד ע ר א י י נ צ י ק ע ר, וועמען איך האָב געקענט פּערזענלעך. א שיינע פּאָר יאָר זענען מיר דאָך ביידע געווען סטודענטן פון מעדיצין אוי־פן ווארשעווער אוניווערסיטעט, ביידע געליטן פון די פּוילישע כו־ליגאַנעס פון „בראטניא פּאָמאָץ". מיר האָבן דאַן געפּאָכטן צווישן זיך, געקריגט זיך וועגן ציוניזם און בונדיזם — אָבער מיר האָבן דאָס אַלעמאָל געטאָן פריינטלעך. און ווי פריינט האָבן מיר זיך סוף 1939 באַגעגנט, אלס פּליטים, אין ווילנע — אין שאָטן פון דער סאָוויעטישער „שוץ". איך האָב דאַן נאָכגעטאָן אייער ביישפּיל: אַז משה קליינבוים פאַרלאָזט זיך אַ בערדל, כדי די קאָמוניסטישע מנו־בלים זאָלן אים ניט דערקענען און ארעסטירן — מסתמא דאַרף מען אַזוי טאָן! א סברה, אַז מיין בערדל איז געווען אַרומגעשוירן טאקע א־לא־קליינבוים.

טאָ ווי באַגריסט מען זיך ניט, נאָך פערצן יאָר, מיט אַ באַ־קאַנטן פון די יוגנט־יאָרן?

אָבער אַז איך האָב אייך געזען זיצן אין דער כנסת א זעלבסט־צופרידענעם, אַן אָפּגעזונדערטן צווישן די אנדערע איבער נייַ־ציק ניט־קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן — איז מיר פאַרגאַנגען דער חשק. איך, דער בונדיסט, האָב זיך דווקא געפילט גאַנץ היימיש אין דער געביידע פון דער כנסת, כאָטש די ענינים זענען מיר געווען אומבאַקאַנט, די שפּראַך — ניט מיינע, און די מענטשן — פרעמד. עס איז גוט, וואָס ס'איז דאָרטן ניטאָ די אַנגעקראָכמאַלעטע שטייף־קייט! עס איז קליינשטעטלדיק־היימיש. מען קאָכט זיך און טומלט

זיך און מען שרייט אריבער איינער דעם צווייטן. שוין צוויי טויזנט יאָר ווי יידן פירן אזוי אסיפות — און נישקשה, מיר האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען מיט אונזער ווייניק פאָרמעלער דעמאָקראַטיע! איז וואָס אז דער פאָרזיצער קלאפט אין טיש און מען הערט אים ווי דעם קאָטער? ניט קיין אומגליק...

אוודאי האָב איך געטראכט, אז עס פעלט אויף אָט דער וויכ־טיקער יידישער אסיפה די שטים פון מיינע חברים, די שטים פון „בונד" — און אָן אָט דער שטים איז אין אונזער תקופה קיין שום יידישע מסיבה ניט פולשטענדיק רעפּרעזענטאטיוו. אויף דעם וועט מסתמא אויך קומען די צייט — אויך בונדיסטן וועלן נאָך זיין אין דער כנסת! פרעמד האָב איך זיך אָבער דאָרטן ניט געפילט.

דאקעגן, איר, משה סנה, איר האָט געקוקט אויף אַלע אנדערע ווי אויף פרעמדע. און זיי האָבן דאָך אוודאי אזוי געקוקט אויף אייך.
— ממש ווי אויף אַן אחור.

האָב איך ניט באדויערט, וואָס פון אונזער טרעפן זיך איז גאָר ניט געוואָרן. אז איך בין אָפּגעווען אין לאנד א פּאָר וואָכן און זיך צוגעהערט, וואָס מען רעדט וועגן אייך, וועגן אייער איצטיקער ראָל; ווען איך האָב געהערט וואָס עס טראכטן וועגן אייך אייערע געוועזענע חברים פון מפּ"ם, וואָס אין זייערע קעפּ פּלאָנטערן זיך נאָך א סך פון אייערע פּארפירערישע רייד — בין איך שוין אוודאי ניט געווען נייגעריק נאָך אזא באגעגעניש. וואָס איז די שמחה צו זען די גייסטיקע ירידה פון אן אמאָליקן באקאנטן?

און איך וואָלט זיכער ניט געשריבן צו אייך, ווען ניט די נייעס, וואָס איך האָב געפונען אין די ישראלדיקע צייטונגען. עס ווייזט זיך אַרויס, אז טאקע אייערע געוועזענע נאָכפאָלגער, אייער געוועזענע צייטונג „על המשמר", ווארפט גאָר פאָר זייער געוועזענעם „וואָזשדזש" — בונדיזם. וויל מען, הייסט עס, גאָר אייך אונטער־ווארפן צו מיין באַוועגונג — דעם „בונד"!...

באשר איר האָט לעצטנס געמאכט דעם לעצטן שריט, זיך ענדגילטיק אָפּגעריסן פון אייער ציוניסטישן שטאם און דארפט זיך וואָס שנעלער כשר מאכן אין די אויגן פון אייערע נייע באפעל־גע־בער, די קאָמוניסטן. איר האָט אָנגעהויבן צו דונערן קעגן ציוניזם

בכלל. איר פאָדערט, אז מדינת ישראל זאָל זיך אָפּגרענעצן פון ציוי־ניזם — און דאָס איז דאָך, וואָס בונדיסטן פּרעדיקן!

און אייער „רעכטע האנט", ד"ר אדאָלף בערמאַן, וואָס איז גע־קומען פון זיין ברודערס „גן־עדן" אין פוילן, האָט אין מדינת ישר־ראל פלוצלונג אנטדעקט די יידישע גלות־אוצרות און ער שרייבט וועגן דעם, אז יידן זענען א וועלט־פאָלק; זיי וועלן פארבלייבן אין די ערטער, וואו זיי וואוינען, אין „גלות"; און אז זיי דארפן זיך דאָר־טן שטיצן אויף די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין לאנד; אז מדינת ישראל לייזט ניט די יידן־פראגע.

ווי פון בונדישן שולחן־ערוך ארויסגענומען!

שרייבט שוין טאקע „על המשמר" אז — דאָס איז בונדיזם. לינ־קער בונדיזם.

אויב אזוי, אייל איך זיך צו זאָגן:

— מוחל. מוחל די „מתנה".

לינקער בונדיזם אָדער גלאט בונדיזם — אָט דעם „ממזר", וואָס „על המשמר" וויל אונטערוואַרפן — וואָלט בונדיסטן אפילו איבער דער שוועל ניט אריבערגעלאָזט.

איך וועל ניט לייקענען, אז אויך מיר בונדיסטן האָבן געהאַט — פּונקט ווי מיליאָנען אנדערע אויפריכטיקע סאָציאַליסטן — אונ־זערע פאלשע אילוזיעס וועגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועגן ראַ־טנפארבאנד, וועגן וועלט־קאָמוניזם. דער פּוילישער „בונד" האָט יאָרן־לאנג געגלויבט, אז דאָרטן, אין רוסלאנד, בויט זיך א סאָציאַ־ליסטישע וועלט. צום גליק איז עס געווען בלויז א „פּלאַטאָנישע ליבע", וואָס איז קיינמאָל ניט קאָנסומירט געוואָרן... אפילו אין די צייטן פון אונזער גרעסטער פארבלענדעניש האָט אונז א געזונטער לעבנס־אינסטינקט אָנגעזאָגט, אז מיר זאָלן זיך מיט די קאָמוניסטן ניט פארבינדן. מילא, רעדעס, דעקלאַראַציעס האָט מען דאַן גע־האלטן הייסע, אָבער בונדיסטן האָבן געפילט, אז צוזאַמענאַרבעטן, פארבינדן זיך — הייסט קאַפּיטולאַציע, הייסט זיך אליין איבער־שניידן דעם גאָרגל, פּאָליטישער זעלבסטמאָרד.

אָבער דאָס אלץ איז דאָך געווען מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק — נאָך איידער איר און איך האָבן אָנגעהויבן זיין געזעל־שאַפטלעך־טעטיק.

אָבער נאָך די מאָסקווער „פּראָצעסן", נאָך דער גרויליקער ליקווידאַציע פון מיליאָנען לחלוטין אומשולדיקע — ווער האָט נאָך געקאָנט גלייבן, אַז דאָס איז דער וועג צום סאָציאַליזם?

אויף פאַרשידענע פראַגעס האָב איך אין ישראל געפונען אַן ענטפער. אָבער אויף איין גרונט־שאלה האָב איך קיין שום ענטפער ניט געקאָנט קריגן: ווי אַזוי קלערט מען אויף, וואָס דווקא אין די לעצטע צען יאָר זענען אין מדינת ישראל טויזנטער אַרבעטער, סאָ־ציאַליסטן, פּלוצלונג בלינד און טויב געוואָרן און דער וויי־געשריי פון די מיליאָנען געפּייניקטע אין די כ־וו־ד־טורמעס און שקלאַפן־לאַגערן דערגייט מער ניט צו זייערע אויערן? וואָס געוועזענע דע־מאָקראַטישע סאָציאַליסטן און די אַלעמאָל צעטומלטע אָבער דאָך אַזוי אינדיווידואַליסטישע השומר־הצעירניקעס האָבן אַזוי לייכט־וויליק אָנגענומען צו טראָגן דעם יאָך פון רעדן און טראַכטן לויט דער סאָוויעטישער ליניע?

אין אָט דעם, אין פאַרוואָרצלען דעם סם פון קאָמוניזם אין דער „מפ״ם", האָט איר, מיין געוועזענער אוניווערסיטעט־קאָלעגע, א היפּשן חלק. אייערע אָראַטאָריש־מייסטערהאַפטע רעדעס, אייער אַלעמאָל גלענצנדע „דיאַלעקטישע" אויסטייטשונגען, האָבן פאַר־פירט טויזנטער.

און אַז איר האָט ניט געקאָנט ביי זיי אויסלעשן דעם לעצטן ניצוץ פון פרייען דענקען, אַז אויך אייער היפּנאָטיזירנדע שטימע האָט זיי ניט געקאָנט דערפירן ביז צום לעצטן שריט פון פּאָליטישן מאַסן־זעלבסטמאָרד — זייט איר אַוועק. ניט געקאָנט מער זיך צו־ריקציען, צו ווייט פאַרקראָכן.

האָט איר אָנגעהויבן צו העצן קעגן אַלץ און אַלעמען. אייערע חברים פון „יד־חנה"־קיבוץ גייען אַרום צווישן די פאַרביטערטע עולים פון די מעברות און רעדן זיי שטילערהייט צו זיי זאָלן צוריק־פאָרן קיין פּוילן, קיין רומעניע — צו ספּאַרדן און זאַכאַריאַשן, צו בערקאָ פעלדמאַן און קישענעווסקין.

און אַז איר האָט דערזען, אַז איר בלייבט אַליין, אַז די יוגנט, וואָס האָט אייך נאָך מיט אַזאַ קורצער צייט צוריק אַזוי פאַרגעטערט, האָט זיך מיט עקל אָפּגעקערט פון אייך — איז שוין פאַר אייך פאַר־בליבן בלויז צו מאַכן דעם לעצטן שריט:

משה סנה קריכט אויף די קני אין דער קאָמוניסטישער בלאָ־טע, כדי צופאַלן מיט די ליפּן צום זוים פון מיקוניסעס מאַנטל, כדי צו ווערן א משרת ביי די גייסטיקע גאַרנישטן, די מאיר ווילנערס.

און יענע הייסן אייך נאָך פריער זיך אויסשטעלן אויף לייטיש געלעכטער, שפּילן די ראָל פון לאַנד־נאַר און באַלעבעטשען לעכער־לעך־משוגענע רייד, ווי, למשל, אז —

„די יידישע נאַציאָנאַלע פאָנדן זאַמלען צונויף די פאָלקס־געלטער און גיבן זיי איבער, מיט דער הילף פון די מעלטשעטס און ווארבורגס, מיט דער הילף פון די באַנקן אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק, אין רשות פון דעם בריטישן און אמעריקאַנישן פינאַנס־קאַפּיטאַל, וועלכער באַהערשט מיט די דאָזיקע געלטער די ווירט־שאַפט פון ישראל."

און נישקשה, דעם גלענצנדן סטיליסט משה קליינבוים קערט גאָרניט קאַפּויער פון אָט דער קאָמוניסטישער מעקענע!...

און דער געוועזענער שטאָלצער קאָמאַנדיר פון דער הגנה פּילט שוין מסתמא ניט, ווי אזוי זיין אמאָליקער רום ביים פאָלק ישראל פאַרזינקט אין דער מיסט־גרוב, וואו ער איז פאַרקראָכן...

בונדיזם — און, להבדיל, אייער קאָמוניסטישע „תורה"?

וואָס פאַרא תהום צווישן אייך — און דעם סאַמע יינגסטן מיטגליד פון אונזער קליינער, מיט נסים ניצול־געוואָרענער בונדי־שער מחנה!

און מיינט ניט, אז די קען־צייכנס פון אָט דעם תהום זענען בלויז די הייליקע קדושים־נעמען פון ערליכן און אלטערן. זיי זע־נען ניט די איינציקע בונדיסטן, וואָס זענען אומגעקומען מיט א מאַר־טירער־טויט. מאַרק ליבער און ראָזע לעוויט, אננא ראָזענטאַל און שאול גאָלדמאַן — לאַנג, אך, ווי לאַנג וואָלט געדאַרפט זיין אָט די רשימה!

ווייסט איר, וואו די גרענעץ פון תהום צווישן אונז און אייך — און אויך צווישן א בונדיסט און א מפּ"מניק — הויבט זיך אָן?

ביים פלעשל טינט, אין וועלכן ריבענטראָפּ און מאָלאָטאָוו האָבן געטונקען זייערע פעדערס דעם 24־טן אויגוסט 1939, און געלייגט זייערע טריפה'נע חתימות צו יענעם אָפּמאַך, וואָס האָט היטלערן

דערמעגלעכט אַנצוהויבן די מלחמה, וואָס האָט אויסגעליפערט דאָס פוילישע יידנטום — אייערע פוילישע יידן, משה קליינבוים, געווע־זענער רעדאקטאָר פון „היינט״! — אין די הענט פון היטלער הימ־לער און האנס פראנק.

וואָרעם ווי שטאַרק דער וועלט־קאָמוניזם האָט טייל פון סאָציא־ליסטן ניט פארבלענדט — וועגן איין זאַך איז ביי א בונדיסט קיין מאָל ניט געווען קיין ספק:

לא זו הדרך פאַרן יידישן פאָלק!

וואָס דער קאָמוניזם האָט ניט געקאָנט מיינען פארן דייטשן ארבעטער פון „רויטן וועדינג״, פארן פראנצויזישן אַרבעטער פון סעינט־דעניז און פארן קולי פון שאנכאי — מ י ר האָבן פון דער סאמע ערשטער רגע אָן פארשטאנען, וואָס באָלשעוויזם מיינט פארן יידישן ארבעטער, פארן יידישן פאָלק: צוואנג־אסימילאציע, אונ־טערדריקן און דערשטיקן; אויסהוילן פון נאציאָנאלן גייסט, פארשי־טן אלע קוואלן פון נאציאָנאלער שעפערישקייט.

מיט איין וואָרט: נאציאָנאלער טויט.

יידן האָבן, דורך יאָרהונדערטער פון היסטאָרישער דערפארונג אנטוויקלט א ספּעציעלן חוש, וואָס זאָגט זיי אונטער, וואו עס לויערט א נאציאָנאלע געפאר. און די יונגע יידישע סאָציאליסטן האָבן אָט די געפאר דערשפירט נאָך אין 1902 — איידער נאָך לענין אליין האָט געזאָגט, צו וואָס זיין „צענטראליזם״ מוז, מיט דער אייזערנער לאָגיק פון געשיכטע, דערפירן.

דעריבער זענען די פוילישע בונדיסטן פון מיין פאָטערס דור אין 1917 און אין 1920 בייגעשטאנען דעם נסיון, וואָס האָט דאַן איינגעבראָכן גרעסערע, מעכטיקערע סאָציאליסטישע פארטייען.

ווי גלענצנד האָט איר, משה קליינבוים, דאָס פארשטאנען אין 1939, אין ווילנע — און איר זענט טאַקע געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאכט ויברח פון קאָמוניסטישן גן־עדן!

און דאָס האָבן נאָכן איצטיקן חורבן פארשטאנען סיי אייערע, סיי מיינע יונגע תלמידים, וואָס זענען ביצול געוואָרן אין פוילן, און זיי האָבן, מיט א שפּיי און א קללה, פארלאָזט דאָס לאנד, וואָס איז אריינגעפאלן אין די נעגל פון די ביערוטס און די בערמאנס.

דאָס פאַרשטייט איצט יעדער בונדיסט — אזוי ווי ער פאַר־שטייט, אז אָן לופט קאָן ער ניט לעבן.

וואָרעם פאַר אונז איז סאָציאַליזם אָן אַ פריי יידיש לעבן — קיין סאָציאַליזם ניט.

אוודאי זענען בונדיסטן געווען אנטי־ציוניסטן און דאָס זענען זיי פאַרבליבן אויך היינט, נאָך דער באַשאַפונג פון דער יידישער מלוכה.

אָבער מיר ווען, אין אונזער קאַמף קעגן די טיפע פעלערן פון ציוניזם, קיין מאָל אין לעבן ניט איבערגעבן זיך צו די כוחות, וואָס זענען שונאים פון יידישן פאָלק בכלל, וואָס צילן אומצוברענגען דאָס יידיש־נאַציאָנאַלע לעבן.

און דאָס האָט איר געטאָן, משה סנה!

אוודאי זעען מיר די צוקונפט פון יידישן פאָלק אין פאַרבינדונג מיט דעם זיג פון די פרייע, פּראָגרעסיווע כוחות אויף דער וועלט, פון סאָציאַליזם — אָבער דאָס זענען נ י ט די כוחות פון בלוטי־קער דיקטאַטור, פון פאַרגוואַלדיקונג פון מענטשן־רעכט; דאָס זע־נען נ י ט די „פּראָגרעסיווע" מושלים פון די שקלאַפן־לאַגערן; דאָס זענען ניט די „איינהייט־סאָציאַליסטישע" בויער פון נייע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, פון נייע בוכענוואַלדס.

אונז וועט קיין שום פּאָליטישער חשבון ניט באַוועגן צו פאַר־מאַכן דאָס מויל, ניט אויפצוהייבן אונזער שטים פון פּראָטעסט קע־גן עוולות לגבי יידן — אומעטום!

און אייער שיטה, משה סנה, וועט נאָך אפילו רימען אַזעלכע אנטי־יידישע שריט און וועט זיי „דיאַלעקטיש" אויסטייטשן לעני־ניסטיש־סטאַליניסטיש־מאַלענקאָוויסטיש.

מיר, בונדיסטן, זענען קעגן ציוניזם. די שווערע פעלערן אין דער יידישער מלוכה, קריטיקירן מיר. אָבער אונזער גרונט־געפיל איז טיפע זאָרג פאַרן ישוב, הייסער וואונטש פאַר זיין וואוקס, מורא, אז עס זאָל אים, צוליב די פעלערן וואָס ווערן באַגאַנגען, ניט געשען קיין שלעכטס, אז עס זאָל פון דעם ניט ליידן דאָס יידישע לעבן או־מעטום.

איר אָבער האָט אייער נשמה שוין פאַרקויפט דעם קאָמוניס־טישן טייוול.

* * *

וויפל מאָל מען דערמאָנט אין ישראל דעם נאָמען „משה סנה״ — פּראָוואָצירט מען גלייך מיט דעם א דיסקוסיע:

פּארוואָס? ווי אזוי? וואָס האָט דעם פּיל־צוזאָגנדיקן, גלענצנדן ציוניסטישן פירער באוואויגן אוועקצוגיין אויף אזא וועג? וואָס מאכט אים אזוי בלינד? אויף וואָס רעכנט ער?

פאראן פּאָליטישע אויפקלערונגען, פּסיכאָלאָגישע חקירות. פאראן אויך שווערע חשדים.

קיינער פון די, מיט וועמען איך האָב גערעדט, האָט מיר דערויף ניט געקאָנט געבן קיין זיכערן ענטפער.

אויפן מעדיצינישן פאקולטעט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט האָבן מיר ביידע געלערנט, אז עס איז פאראן אזא גייסטיקער צושטאנד, א קראנקייט פון „צייטווייליקער גייסטיקער פארבלענדעניש״.

הלוואי וואָלט עס ביי איך געווען דער פאל!

ווי שטארק האָט זיך מיר געוואָלט גלייבן אין דעם! אין נאָמען פון יאָרן־לאנגער באקאנטשאפט, אין זכות פון אונזערע ביידנס שיינע, אידעאליסטישע, פארפלאָסענע יוגנט־יאָרן...

אָבער איצט, ווען איר האָט שוין דעם שטאָלצן נאָמען פון „מיטגליד פון יידישן פאָלק״ פארטוישט אויף דער שמוציקער מיטגליד־קארטע פון דער קאָמוניסטישער פארטיי — ווי קאָן מען נאָך אויף דעם האָפן?

...געהאט א חבר, וואָס דער גורל האָט אפשר געהאט אויסגעטרוימט פאר אים, אין דער פארבאָרגענער צוקונפט, דאָס העכסטע, דאָס וואונדערבארסטע: זיין א נשיאביים יידישן פאָלק!

און אויסגעלאָזט האָט זיך: אַ בוגד. א משרת ביי אונזערע שונאים.

אך, ווי טרויעריק!...

ק. שבתאי
רעדאַקציע „דבר"
תל־אביב

☆

חשובער פריינד שבתאי:

א טאָג פאר מיין אָפּפאָרן פון מדינת ישראל האָט איר מיך „געפּאקט" אויף די טרעפּ פון הסתדרות־הויז, און, געזעגנדיק זיך, מיך א פרעג געטאָן:

— מיט וואָס פאָרט איר אָוועק פון אונזער לאנד?

איך האָב אייך דאן, אויף אָט דער אומגעריכטער פראגע, געענט־פערט מיט דריי בחפזונדיקע באמערקונגען. עס איז דאָך שווער אין אַ פּאָר זאצן „אריינקוועטשן" די איינדרוקן פון א וויזיט אין א לאנד — א וויזיט, וואָס איז טאקע געווען קורץ, אָבער אָנגעלאָדן מיט פול גרויסע, עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען; א לאנד, וואָס וואו מען גיט זיך א קער — קומט מען אין באַרירונג מיט טיפע פּראָבלעמען, וואָס רירן אָן יידישן גורל, מהות פון סאָציאליזם, צוקונפט פון דער וועלט.

גיי וויס, אז פון דעם וועט גאָר אויסוואקסן אייערער אן ארטי־קל: וואָס א בונדיסט האָט צו זאָגן וועגן ארץ־ישראל?

איך קאָן זיך, חלילה, ניט באקלאָגן. איר האָט מיינע דריי זאצן איבערגעגעבן פּינקטלעך. און אוודאי האָב איך גאָרניט וואָס אויס־צוזעצן קעגן אייערע פריינטלעכע באמערקונגען וועגן מיר פּער־זענלעך. איי איר זענט ניט מסכים מיט מיר — נו, איז דאָך דאָס אייער רעכט!...

איצט, אז איך האָב אייער ארטיקל פאר זיך און איך פּרוביר, פון דיסטאנץ פון שטח און צייט, סומירן מיינע איינדרוקן, באַטראכטן וועגן די פּראָבלעמען, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן פּנים אל פּנים ביי אייך, אין ישראל — קום איך נאָך אמאָל צו דער מסקנה, אז מיינע דריי על רגל אחת'דיקע זאצן — הגם זיי רירן בלויז אָן דעם

קנויל פראגן — גרייפן זיי אָבער אָן די דריי עיקר׳דיקע איינדרוקן און אויספירן מיינע.

לאָמיר איצט א ביסל גענויער איינצייכנען דאָס בילד, וואָס האָט זיך ביי מיר געשאפן פון מדינת ישראל און די פראָבלעמען, די זאָר־גן, די האָפענונגען, וועלכע א יידישער סאָציאַליסט, ווי איך, האָט מיטגענומען מיט זיך — צוריק קיין אמעריקע.

מדינת ישראל, האָב איך געזאָגט, איז ערשטן זאץ פון מיין תשו־בה, איז א ס ך גרעסער ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט פון דער ווייטנס: גרעסער אין אויפטו. אין באדייטונג. אָבער אויך די פעלערן, די שאָטן־זייטן זענען גרעסער, געפערלעכער, ווי איך האָב פריער געמיינט.

וואָס איז דער ערשטער גרונט־איינדרוק, ווען מען קומט קיין ישראל? וואָס איז דאָס גרונט־געפיל, מיט וועלכן מען פאָרט אוועק?

עס איז דאָס געפיל פון ק אָ נ פ ר אָ נ ט א צ י ע מ י ט י י ד י ש ע ר ג ר ו י ס ק י י ט: דו קומסט אין נאָענטן, פנים אל פנים׳דיקן קאָנטאקט מיט א גרויסן, פארכאפנדיקן יידישן אויפטו. אין וואָס באַשטייט אָט די גרויסקייט?

אוודאי — אין די פיזישע דערגרייכונגען. וואו דו שטעלסט נאָר א טריט — זעסטו ווי ביטער עס איז געווען, און איז נאָך, די מלחמה מיט די אויסערלעכע מניעות, מיט דעם ביטערן שונא — די נאַטור. קומסט אין די קיבוצים אין גליל, אין עמק יזרעאל — און מ׳פירט דיך גלייך צו די קברים פון די ראשונים, וואָס זענען געפאלן אין קאמף מיט מאלאריע. גלייך נעבן זיי — די קרבנות פון אן איינזאמער, אָבער גוט־געצילטער אראבישער קויל. קוקסט ארויף צו די שטיינערנע בערג פון יהודה, זעסטו די שטיינער־טער־ראסעס, באוואונדערסט די עקשנות, מיט וועלכער די יידישע האנט וויל מיט גרינס, מיט תבואה־זאנגען באדעקן אָט די טויטע פעלזן.
וואָס זשע זאָל מען שוין זאָגן וועגן נגב! יעדעס דערפל, יעדער קיבוץ איז דאָך דאָרטן איין שטיק געראנגל!

און תל־אביב! די גאָרטן־שטעט ארום תל־אביב. די „קריות" ארום חיפה, דאָס נייע ירושלים. באר שבע — א שטאָט, וואָס וואקסט אויף הייוון. דו ווערסט פארכאפט פון דער ווייסקייט, פון דער פריש־

קייט, פון דער שיינקייט — דער עיקר אָבער פון דעם שטורמישן לעבנס־פּולס, פון דער סטיכיע פון וואוקס

אָדער — די הסתדרות. אזא קליין לענדל — און אזא גרויסע ארבעטער־באַוועגונג! גרויס אין צאָל. שטארק אין אָרגאַניזאַציע. פאַרזיכערט דורך עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, אָרגאַניזאַציעס, אונטער־נעמונגען, דער עיקר אָבער — די געוואַגטע פּערמעסטן. דער דער־פאָלגרייכער „עקספּערימענט" — דאָס קאָלעקטיווע דאָרף, דער קיבוץ, די קבוצה. די גרויסע הסתדרות־פאַבריקן. דער גאַנצער חזיון — א יידישע מלוכה אויסגעקעמפּט, אויפגעבויט, אויפגעהאַל־טן דורך דעם ארבעט־מענטש.

אָבער די פיזישע דערגרייכונגען אליין וואָלטן געווען צו ווייניק. און אוודאי וואָלט פון זיי ווייניק נתפּעל געוואָרן א ייד, וואָס קומט פון אמעריקע. דאָרט האָט יידישער בוי־גייסט באַוויזן גרעסערע וואונדער! יידן האָבן פאַרוואָרפן בריקן איבער גרעסערע טייכן. גע־בויט וואָלקן־קראַצער. פאַרוואַנדלט גרעסערע מדבריות, פון טוי־זנטער און טויזנטער מיילן, אין פרוכטבאַרע ערד.

גאַנצע שטעט האָבן יידן געבויט אין אמעריקע. און זיי בויען נאָך כסדר — אָן קיין שום שטיצע, אָן טומל, אָן פּאָמפּע, אָן באַרימערייי־ען. פאַר ארויס פון ניו־יאָרק איבער אונזערע שאָסייען — און עס קומט דיר אנטקעגן שטעטל נאָך שטעטל אַלץ שפּאָגל־ניי, די פאַרב איז נאָך ניט אָפּגעטריקנט — יידן האָבן עס געבויט!

דער „שליסל" צו דער יידישער גרויסקייט אין מדינת ישראל איז — דער גייסטיקער פּאַרמעסט, דער אידעאַליזם, מיט וועלכן די פיזישע דערגרייכונגען זענען אָנגעלאָדן.

אָט דעם אידעאַליזם זעט מען, פאַרשטייט זיך, אָמקלאָרסטן אין די קבוצות, אין די קיבוצים. מעג ער היינט זיין ווייניקער בו־לט, מעגן אפילו זיין סימנים פון קריזיס, מעג דער קיבוץ אדורכגיין דעם זעלבן אנטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס די יחידים, פון וועלכע ער באַשטייט, זענען אין זייער אינדיווידועלן לעבן אדורכגעגאַנגען — פון יוגנטלעכער ראָמאַנטישקייט, פון „שטורעם און דראַנג", צו מיטליאָריקער זאַכלעכקייט, צו רעאַליסטישקייט, פּראַקטישקייט — די גרונט־אידייע לעבט!

יעדער קיבוץ איז א שיינענדיקער באַוויז, אז די אמתן פון

סאָציאַליזם זענען ניט קיין חלום, קיין פאַנטאַזיע, אַז מענטשן קאָנען טאַקע לעבן — אָן קעגנזייטיקער עקספּלואַטאַציע, אָן געיעג נאָך געלט, אין חברשאַפט, אין קאָלעקטיוויסטישער דעמאָקראַטיע.

און אַז דו זעסט נאָך, ווי יונגע מענטשן פאַרגראָבן זיך אין זאַמד פון נגב, שטעלן דאָרטן אויף אַ קיבוץ, פאַרפירן אַ מלחמה קעגן דעם אכזריותדיקן מדבר; און אין דער זעלבער צייט פּרובירן זיי — און ערשט פון דער נאָענט זעט מען ווי שווער דאָס איז! — צונויפשמעלצן די מיטגלידער פון די פאַרשידענע יידישע „שבטים" אין איין אַרבעטס־קאָלעקטיוו; און גראָד ביי אָט די געוואַלטיקע שוועריקייטן פאַרמעסטן זיי זיך צו בויען אַ לעבן דווקא אויף סאָ־ציאַליסטישע יסודות, אין כסדרדיקן געפעכט קעגן טויזנט־יאָריקע מענטשלעכע שוואַכקייטן, געוואוינהייטן; און דאָס אַלץ — האַרט ביי דער גרענעץ, מיט דער ביקס אין האַנט; מיט דער בונקער־הייל פאַר די קינדער און פרויען צוגעגרייט אין סאַמע צענטער פון קיבוץ —

— דאַן גיט אויף דיר אַ הויך, אויסער דעם הייסן חמסין, די היץ פון אומגעהוירער גייסטיקער אָנגעלאָדנ־קייט.

אויב דו פאַרשטייסט: מעגן אָט די נגב־באַצווינגער אפילו זיין קליין אין צאָל — זיי סימבאָליזירן דעם גרונט־שטריך פון ישוב.

אָט דער גייסט איז דאָס אמתע „געהיימע געווער" פון ישוב.

אין אַ וואַרעמען פרילינג־אָוונט בין איך געזעסן אין פּראַכט־פולן „חדר אוכל" פון כפר גלעדי. פון די פעלדער זענען צוריקגע־קומען די הונדערטער קיבוץ־חברים. די ווענט האָבן געהילכט מיטן געלעכטער פון יוגנט, אייגן־דערצויגענע, אַריבערגעבראַכטע פון דער עלית הנוער, פון איראַק און מאַראָקאָ, פון די דייטשע לאַגערן און פון תימן.

קעגן מיר איז געזעסן חבר עזריאל קראל, אַ פּראַכט־פולער פאָרשטייער פון שוין כמעט אַוועקגעגאַנגענעם דור פון די סאַמע ערשטע אָנהויבער, פון דער ערשטער קליינער מחנה „שומ־רים".

האָט ער א פיר געטאָן מיט דער האנט איבער דער ברייטקייט פון זאל און מיר געזאָגט:

„איך פארשטייט דען, ווי רייך איך בין? איך בין דאָך רייכער פון ראָקפעלערן! ראָקפעלער, וויפל מיליאָנען ער זאָל ניט פארמאָגן, איז ער נאָך אלץ ניט זאט! און איך? איך בין געקומען פון אוקראינע מיט 47 יאָר צוריק און איך האָב דאָ, אין כפר גלעדי, צעאקערט די ערשטע חרובע ערד. ביינאכט האָב איך געהיט דאָס פעלד פון די אראבער. איך האָב געקעמפט מיטן טערק. איך בין געווען אין דער הגנה. בעת דעם באפרייאונגס־קריג זענען מיר ניט געשטאנען לייי־דיק. אמת, מיין אייגענער זון איז געפאלן, אָבער דאָך — ווי רייך איך בין! אָט האָב איך דעם גרויסן קיבוץ. איך האָב מיינע אייגענע ניין אייניקלעך, איך בין אָבער א זיידע פון גאנצע 247 אייניקלעך — אלע 247 קינדער פון קיבוץ רופן מיך „זיידע" און זיי זענען מיר טאקע טייער און אייגן ווי לייבלעכע אייניקלעך. און ניט נאָר דער קיבוץ — אלע קיבוצים זענען דאָך מיינע! די גאנצע יידישע מלוכה איז דאָך מיינע!

בין איך ניט רייכער פון ראָקפעלערן?".

איך זע איצט פאר זיך נאָכאַמאָל דעם חבר עזריאל. זיין לאנגע, ברייטע באָרד האָט ממש געלויכטן מיט איר שניי־ווייסקייט. און פון אונטער די ווייסע ברעמען האָבן זיינע אויגן געברענט מיט גליק, מיט דערהויבונג, מיט אייביקער יוגנט.

ווי ווייניק אָט די „ראָקפעלערס" זאָלן ניט זיין — און זיי זענען ניט אזוי ווייניק! — ז י י זענען די טרעגער פון דער גרויסקייט פון ישוב!

און אויב גרויסע יידישע מעשים — וואָס איז נאָך גרעסער ווי די גרויסע נאציאָנאלע דערשיינונג, וואָס הייסט: ז י ב ן ה ו נ ־ ד ע ר ט ט ו י ז נ ט נ י י ־ א ר י י נ ג ע ק ו מ ע נ ע?!

דאָס קאפיטל „מאסן־אימיגראציע" איז איצט אזוי גוט ווי אָפּ־געשלאָסן. אונזער יידישע פאָלקס־געשיכטע וועט זיכער אריינפלעכ־טן אין זיך די כמעט פאנטאסטישע פרטים פון אָט דער גרויסער פאָלקס־וואנדערונג יציאת פוילן; יציאת טשעכאָסלאָוואַקיע; יציאת באלקאן; דאָס גיין איבער די גרענעצן פון רומעניע, פון אונגארן, פון עסטרייך — צו די דייטשע לאגערן, פון דאָרט — די אומלעגאלע

עליה. די עקזאָדוס־שיפן; קפריסין; דאָס וואכן פון ישוב ביי די פינצטערע ברעגעס פון ים־התיכון.

און שפּעטער: דער „פליענדיקער דיוואן" פון תימן קיין לוד. דאָס ארויסראטעווען די יידן פון איראק. די מאסן־אימיגראציע פון די מאראָקאנישע יידן־געטאָס.

ווער עס קומט היינט קיין ישראל און זעט ווי דאָס לאנד איז פול, קיין עין־הרע, מיט ניי־געקומענע, מיט דעם מיש־מאש פון שבטים, לשונות — מוז כסדר האָבן אין זיין באוואוסטזיין די צוויי קארדינאלע פאקטן:

ווען ניט די דרייסטע זין און טעכטער פון ישראל, ווען ניט די אָפענע טויערן פון לאנד, וואָלט די גרויסע מערהייט פון אָט די זיבן הונדערט טויזנט נאָך איצט געשמאכט אָדער הינטערן אייזערנעם פאָרהאנג, ביי די זאכאריאשעס, די בערקאָ פעלדמאנס און אנדערע קאָמוניסטישע אויסוואורפן — אָדער אין קנעכטישער רעכטלאָזי־קייט ביי די עמיל פייזאלס און די אנדערע מושלים פון די אראבישע לענדער.

מער ווי א העלפט פון די דאָזיקע אימיגראנטן זענען דאָך פאַק־טיש ערשט אין ישראל געוואָרן א טייל פון יידישן פאָלק! זייערע ישובים האָבן כסדר פיגורירט אין אונזערע יידישע סטאטיסטישע טאבעלעס. אָבער וואָס האָבן פאקטיש געמיינט די איראקישע יידן פארן גאנצן פאָלקס־אָרגאניזם, ביז זיי האָבן זיך באזעצט אין ישראל? בלויז א פונקט אויף דער מאפּע. און די יידן פון תימן? עפּעס אן עקזאָטישער דעטאל אין אונזער פאָלקס־געוועב.

ערשט די מאסן־עליה האָט זיי — און אויך די יידן פון בול־גאריע און יוגאָסלאוויע, אָדער פון גריכנלאנד און טערקיי און אנ־דערע יידישע ישובים — ארויסגעפירט פון די סטאטיסטישע טא־בעלעס, ערשט אין ישראל ווערן הונדערטער טויזנטער פון זיי ביס־לעכווייז א טייל פון די פאָלקס־שעפערישע כוחות.

און אויב די תימנער יידן פראָטעסטירן, אויב די ספרדישע יידן האלטן אָפּ קאָנפערענצן, שרייען קעגן די עוולות — איז דען דאָס אליין ניט קיין גרויסע פרייד? ווען במשך פון טויזנט יאָר האָט א תימנער ייד געקאָנט וואגן אויפצוהייבן א קול פון פראָטעסט? ווען האָבן צפון־אפריקאנער יידן געקאָנט חלומען וועגן פולער גלייכ־

באַרעכטיקונג? דאָס אַליין איז דאָך דער בעסטער באַווייז, ווי דער־פּאַלגרייך עס איז שוין דער פּראָצעס פון אויפוועקן די דאָזיקע יידן פון הונדערטער־יאָריקן שלומער!

צום פולן האַרמאָנישן צונויפגיסן זיך איז נאָך דערווייל זייער ווייט. דערציילט מיר א בויערין פון לאַנד, א מיטגליד פון דער כנ־סת, ווי אַזוי זי איז געפאָרן צוזאַמען מיט צוויי עלטערע פרויען אויף א באַזוך צו קינדער אין א קיבוץ. איינע פון יענע צוויי פרויען איז די פאַרקערפּערונג פון העכסטער קולטור, איינע פון די וויכ־טיקסטע אָנפירער פון דער מלוכה. די צווייטע — אַן עלטערע תימנער פרוי.

אָט די צוויי פרויען זענען צווישן זיך פאַרבונדן: זייערע קינ־דער האָבן זיך משדך געווען. יונג־תימן און סאַברע האָבן חתונה געהאַט.

די צוויי פרויען האָבן טאַקע א בשותּפותדיקע שפּראַך: די תימנער האָבן דאָך מיטגעבראַכט מיט זיך זייער אַרכאַישן העב־רעאיש; אָבער וואָס נאָך פאַרבינדט זיי? וועגן וואָס זאָלן רעדן די באַרימטע אַרבעטער־פירערין מיט איר מחותּנתטע, דער נעכ־טן־נאָך־פאַרשקלאַפּטער פרוי פון תימן? צווישן זייביידן ליגט דאָך א צוויי־טויזנט־יאָריקער תּהום, וועלכן מען קאָן ניט איבער־שפּרינגען!

און די קינדער? איינער פון זיי ביידן מוז דאָך זיכער איבער־רייסן מיט דער היים! וועט די סאַברע קאָנען מיטרייסן מיט זיך דאָס קינד פון תימן? וועט זי, פאַרקערט, מוזן ווערן א טייל פון דער אָפּגעשטאַנענער תימנער מחנה? וועלן זיי איבעררייסן מיט ביידע סביבות? וועט זיך אַזא שידוך האַלטן? וועט ער ניט צערי־סן ווערן?

דאָס זענען שווערע פּראָבלעמען. זיי לייזן זיך א סך לייכטער אויפן פּאַפּיר, ווי אין דער ווירקלעכקייט.

אָבער לייזן וועלן זיי זיך — הגם עס וועט נעמען צייט. און היינט, ווען אונזער פאָלק איז אַזוי אָפּגעגאַנגען אין בלוט, קאָן מען דען אָפּשאַצן דעם ווערט פון הונדערטער טויזנט צוגעקומענע יידן, וואָס זענען אויפגעוועקט געוואָרן פון א טויזנט־יאָריקן דרימל

און באלד־באלד וועלן זיי צושטיין צו די אקטיווע שעפערישע כו־חות פון פאָלק?!

אזוי זעט מען, וואו מען קוקט זיך ארום — יידישע גרויסקייט. גרויסע יידישע מעשים.

איך וויל זיין אויפריכטיק: מיט זיינע אויפטוען האָט דער ישוב איבערגעשטיגן מיינע דערוואַרטונגען.

אָבער פונקט אזוי, האָט זיך ארויסגעוויזן, זענען גרעסער זיינע טונקעלע, אָפטמאָל שווארצע פלעקן, אָדער אפשר וועט ריכטיקער זיין צו זאָגן: דווקא ווייל ער איז אזוי גרויס — דווקא דער־פאַר זענען זיינע דורכפאלן, זיינע פעלערן אזוי בולט, רייסן זיי אזוי אין די אויגן, טוען זיי אזוי וויי.

קודם כל, פארשטייט זיך, די אומבאשרייבלעכע עלנט און נויט אין די מעברות. וויפל מאָל מען האָט שוין וועגן דעם געשריבן, ווי גוט דער באזוכער איז ניט פון פריער צוגעגרייט צו דעם „בילד”, וואָס דערווארט אים — עס איז אן אויפטרייסלונג, וואָס גייט דערנאָך מיט דיר מיט אויף אַלע דיינע וועגן איבער דער מדינה. עס איז א קאָשמאר, וואָס בא־גלייט דיך ווען דער עראָפּלאַן הויבט זיך אָן דערווייטערן פון ישׂ־ראל־ברעג.

גייט אָן א וויכוח: וויפל יידן זענען נאָך פארבליבן אין אָט די פיין־לאגערן? הונדערט טויזנט? צוויי הונדערט טויזנט?

אזוי ווי אין דער צאָל און ניט אין תהום פון עלנט און רע־זיגנאציע וואָלט געלעגן דער תוך פון מעברות־פּראָבלעם!

און וואָס איז וועגן די יידן, וואָס זענען שוין באפרייט געוואָרן פון „מעברות”? פארוואָס איז אזוי שטיל וועגן דעם „פרייען” לעבן פון די געוועזענע מעברות׳ניקעס? שרייט דען ניט די נויט אין די שמאָלע געסלעך פון יפו? איז דען דאָס לעבן אין כפר שלם, אָט דעם גרויען טרויעריקן פלעק ביים זוניק־ווייסן תל־אביב בע־סער, ליכטיקער, האָפנונגספולער, ווי איך די בלעכענע אָדער הילצערנע ביידלעך?

מיט דער נויט גייען באגלייטער, וואָס זענען ניט ווייניקער

טראגיש און אפשר נאָך מער אויפטרייסלענדיק, ווי די אָרעמקייט גופא.

א בליק פון א פרי אלט־געוואָרענעם יונגנמאן, וועמען איך האָב געזען „איינגערעמט" אין דער טיר פון זייןביידל אין דער מעברה „מחנה ישראל" האָט מיך פאַרפאָלגט די גאנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין מדינת ישראל.

וואו האָב איך שוין געזען אזא בליק, אזא גרענעצלאָזן טרויער, אזא רעזיגנאציע?

ערשט וואָכן שפּעטער איז עס מיר קלאָר געוואָרן: מיט קנאַפּע צען יאָר צוריק, האָב איך אזא יונגן זקן געזען שטיין א האלב־גאַקעטן אין אן אָפענער טיר פון א צווייטן באַראַק: אין דייטשלאנד, נאָך דער מלחמה.

איך ווייס, אז עס איז אן עבירה אפילו בלויז צו פאַרגלייכן אָט די צוויי לאגערן. אָבער טרויער, פאַרצווייפלונג, רעזיגנאציע מיט דער ביטערקייט פון גורל — זיי זענען די זעלבע אומעטום! און ווען א דאכאו־בליק גיט אויף דיר א שלאָג אין יידישן לאַנד, ווען דו טרעפסט אָט די האָפנונגסלאָזיקייט ניט ביי יחידים, נאָר ביי הונדערטער — דאן טרייסלט עס אויף ביז צו די יסודות פון דער נשמה.

גייט מען ארויס א צוויייטיקטער פון דער מעברה, מען מישט זיך שפּעטער אויס מיט דער געדיכטער מאסע פון רחוב אלענבי — און מען ציטערט אויף אויפסניי: ווי קאַלט, ממש גלייכגילטיק דער עולם באציט זיך צו אָט די אָפענע, אייטערדיקע וואונדן אויפן קערפּער פון לאנד! מען זיצט אויף די פיינע באלקאָנען פון די פּרעכטיקע נייע הייזער אויפן הר הכרמל אין חיפה, מען קוקט דאָס אויג מיטן וואונדערבארן ים־בילד, דער בליק פּאָלגט נאָך די שורות אויטאָמאָבילן, וואָס פאָרן אונטן, אויפן כביש קיין תל־אביב — און מען געדענקט גאָרניט, אז טאקע דאָרטן ביים כביש פּלאָגן זיך נאָך אזוי פיל ברידער און שוועסטער אין א מעברה...

און וויפל פון די איינוואוינער פון רמת־גן, פון די נייע שיכונים אין צפון־טייל פון תל־אביב, וויפל פון די שטאם־געסט אין די קאפע־הייזער אויף מוגרבי־פּלאץ, אויף בן־יהודה, ווייסן גאָר בכלל, אז זייער תל־אביב פאַרמאָגט אויך א קווארטאל, וואָס הייסט

כפר שלם, וואו טויזנטער מענטשן, שוין באפרייטע פון די אימי־גראנטן־לאגערן, וועגעטירן ערגער ווי הינט — וואָס די ערגסטע מעברה איז א גן־עדן לגבי זייער לעבן?!

טאקע אויפן „פאָן" פון אמתן דערהויבענעם אידעאליזם פון איין טייל באפעלקערונג — טרייסלט אזוי שטארק אויף די גלייכ־גילטיקייט און אָפּטמאָל די הארצלאָזיקייט פון די אנדערע.

נעבן די שווערע האָרעפּאשניקעס פון דאָרף און שטאָט — די מחנות פאראזיטן,ליידיק־גייער, אויסנוצער, שפּעקולאנטן, שוויג־דלער.

נעבן די געטרייע, אידייאישע בויער — ענגע, באגרענעצטע ביוראָקראטן. אין זייער קרייז: די מגפה פון פּראָטעקציע און קאָ־רופּציע, גניבה פון דער קהל׳שער קעשענע.

נעבן די געטרייע תלמידים פון א. ד. גאָרדאָן, ח. ברענער און בערל קאצענעלסאָן — טויזנטער און טויזנטער יונגע מענטשן מיט פּוסטע הערצער, מיט ליידיקע מוחות. די כוואליע פון ציניזם, אידייענלאָזיקייט. די תשוקה זיך צו פארגעסן אין דזשאז־קלאפּע־ריי פון נאַכט־לאָקאַל, אין שמוציקן שונד־ראמאַן, אין דער ביליקער, לאקריץ־זיסער גייסטלאָזיקייט פון עקראַן.

און נאָך און נאָך.

דווקא ווייל דאָס גוטע אין ישראל הויבט זיך אויף אזוי הויך — איז אויך דאָס שלעכטע אזוי גרויס, אזוי אויפ־טרייסלענדיק.

גרעסער, געפערלעכער — א סך מער, ווי איך האָב זיך עס פאָרגעשטעלט פון דער ווייטנס.

קומען מיר צו דער צווייטער באמערקונג, וואָס איך האָב צו אייך געמאכט: די געפארן פאר דער צוקונפט.

דווקא ווייל דאָס לאנד איז אזוי אָנגעלאָדן ווי א מילגרוים, מיט אויפטועון פון נעכטן, פון היינט, מיט צוזאָגן אויף נאָך גרע־סערע מעשים און דערגרייכונגען — מאָרגן; דווקא ווייל אויך א קריטישער באזוכער, א פּאָליטישער קעגנער פון ציוניזם, קריגט אזוי לייכט ליב אָט דעם יידישן ישוב, די ארבעטער, וואָס האָבן דאָס לאנד אויפגעבויט — דווקא דערפאר ווערט גרעסער די

מורא פאר דער צוקונפט פון דאָזיקן גרויסן יידישן יש.

פאראן אינערלעכע געפארן און פאראַן, פאַרשטייט זיך, די גרויסע אויסערלעכע געפאר.

די אינערלעכע געפאר לאָזט זיך אמלייכסטן אָנרופן מיט דעם שוין באקאנט געוואָרענעם וואָרט „כנעניזם".

איך מיין דאָ ניט די קליינע גרופּקע יונגעלייט, וואָס בלעב־לען האלב־צעדרייטע רייד פון האס צום נעכטן, וואָס טראָגן זיך ארום מיט משונהדיקע חלומות וועגן א ריין גויאישער אומה. ווי אַן אָרגאניזירטע גרופּע שפּילן זיי דאָך ניט קיין שום ראָל אין לעבן פון לאנד.

איך מיין — די ווייט־פאַרשפּרייטע שטימונגען צווישן יונגן דור. דער גייסט, אין וועלכן דאָס קינד ווערט דערצויגן. די גלאָ־ריפיצירטע „סאברעשקייט", וואָס פאקטיש באדייט זי — חוזק, ביי־טול און אָפּטמאָל פאראכטונג צו אלץ, וואָס איז געווען „גלות".

צו אלץ וואָס קומט פון גלות — איינשליסנדיק אָפּטמאָל אויך אייך, פריינט שבתאי, אלע אייערע חברים, דעם דור פון די טאטעס און זיידעס, וואָס האָבן געלייגט די גרונט־שטיינער פון איצטיקן מלוכה־בנין. אויך צו אייך ווענדעט זיך דאָך איצט דער צינישער געלעכטער פון אייער יוגנט!

אז מען איז מבטל דאָס יידיש לעבן אין גלות, וואָס האָט זיך דאָך צוויי טויזנט יאָר געהאלטן דער עיקר אויף די דינע, פיינע פעדעם פון רוחניות — איז שוין באטירלעך, אז מען גלאָריפיצירט די פיזישע מאכט, דעם מונדיר, די ביקס. די מלוכה ווערט א ציל פאר זיך — און ניט א מיטל, ווי אזוי צו העלפן דאָס פאָלק.

אזוי וואקסט אויס אן אייגענער ישראלדיקער „איזאָלאציאָ־ניזם" — א פיזישער און א גייסטיקער — פון די איבעריקע יידי־שע קיבוצים אויף דער וועלט.

היינט זענען דאָך דאָ די פערזענלעכע און אידעאישע פארבינ־דונגען פון ערשטן און צווייטן דור: פון ברידער, וואָס זענען אויפ־געוואקסן אין איין היים און איינער איז באצייטנס אוועק קיין אמע־ריקע, א צווייטער — קיין ארץ ישראל און אַ דריטער האָט זיך געראטעוועט פון מאידאנעק.

אָבער אין אַ דור אַרום? וואָס וועט פאַרבינדן אַ סאַברע מיט די יידן פון דער גאַנצער וועלט?

אין דעם שטעקט די גרויסע געפאַר. אַ פאַרלוסט פאַר אונז, יידן אין די תפוצות העולם. פאַר מדינת ישראל אָבער — אַן אמתע לעבנס־געפאַר! ווייל ניט היינט, ניט מאָרגן און מסתמא נאָך ניט אין קומענדיקן דור וועט מדינת ישראל קאָנען עקזיסטירן, וואַקסן, אָפּשלאָגן אָנגריפן — אָן דער שטיצע פון די יידן פון דער וועלט.

אזוי זע איך די אינערלעכע געפאַר.

די אויסערלעכע געפאַר — זי איז לײדער אזוי בולט, אַז מען דאַרף וועגן איר ניט ברייטער שרייבן. זי קוקט אַריבער איבער די שמאָלע וואַסערן פון ירדן. זי לויערט אויף די דעכער פון דער אַל־טער ירושלים. זי קלאַפּט אין דער נאַכט מיט קוילן־קנאַלעריי אין די טירן פון די הייזלעך אין קיבוץ אין נגב. דערשפּירסט זי, ווען דער אויטאָבוס־פירער לאָדט אָן זיין ביקס ווען ער פירט דיך, אין בין־השמשות, צוריק פון סדום קיין באר שבע.

טראָגסט מיט זיך אוועק אַן אמתן פחד אין הארצן: וועט אַ קאַטאַסטראָפע זיי ניט אומברענגען? וועלן זיי ניט פאַרניכטעט ווערן דורכן געוועער פון שונא? טוען מיר אַלץ כדי צו פאַרזיכערן זייער גורל? און טוען זיי אַלץ, כדי אויסצומיידן די מלחמה, וואָס קאָן זיי ברענגען נאָר אומגליק — אויב ניט, חס וחלילה, בפירושן אומקום?

איבער אַלע פריידן און ליידן פון מדינת ישראל, איבער יעדן זוניקן פרימאָרגן אירן, הענגט דאָך דער גרויסער פראַגע־צייכן:

**וואָס וועט ברענגען דער היינטיקער טאָג — מלחמה אָדער שלום?**

אַ, איך ווייס, אַז די פראַגע וועגן שלום אין נאָענטן מזרח, שלום צווישן מדינת ישראל און אירע אַראַבישע שכנים, איז צו קאָמפּליצירט, אַז מען זאָל זי קאָנען געניטער באַהאַנדלען אין אַ בריוו.

אין זאַך ווייסט מען: **דאָס פאָלק וויל ניט קיין מלחמה. דאָס פאָלק וויל שלום.**

אוודאי איז פאַראַן אַ קליינע גרופּע, וואָס פאַרכלינעט זיך מיט דעם געדאַנק פון אַ נייער מלחמה. דאָס זענען די בחורים פון

„אצל", וואָס האָבן פאַרפאַטשקעט די ווענט פון די הייזער אין ירושלים, דער הייליקער שטאָט, מיט זייערע מאָלערייען פון א „גרויס־ישראל", א מדינה, וואָס זאָל פאַרכאַפּן אין זיך אויך עבר הירדן. אוודאי האָב איך געהערט העסלעכע, שאָוויניסטישע, בלוט־דורשטיקע רייד וועגן שחיטות, וואָס מען דאַרף מאַכן אויף די אראַ־בער.

אָבער אָט די נישטיקע גרופּעס רעדן ניט פאַרן ישוב. פאַר־קערט, איך בין געווען איבערראַשט, וואָס איך האָב ביי דער באַ־פעלקערונג ניט געפונען יענעם האס צו די אראַבער, — די נעכ־טיקע, היינטיקע און אפשר אויך מאָרגנדיקע שונאים — ווי דער האס, וואָס דער פּאָליאַק האָט געטראָגן צום „מאָסקאַל", צום „שוואַב", וואָס דער פראַנצויז טראָגט צום „באָש". ביטול, גרינגשע־צונג, געפיל פון אייגענער העכערקייט — דאָס יאָ; אָבער שנאה — ניט. פאַרקערט, אָפט האָב איך געהערט אלטע ותיקים, אויס־געפּרואוווטע אין קאַמף מיט אַראַבער, רעדן וועגן די נעכטיקע שכנים פון דאָרף און היינטיקע שכנים פון לאַנד מיט וואַרעמקייט, מיט פאַרשטענדעניש, מיט סימפּאַטיע און אָפטמאָל אפילו — מיט נאָסטאַלגיע. יאָ, מיט נאָסטאַלגיע, מיט בענקשאַפט!

און דאָס — ווען דו קאָנסט ניט אדורכפאָרן קיין איין ווינקל פון לאַנד און זיך ניט אָנטרעפן אומעטום אויף די נייע ווייסע ברעט־לעך: קברים פון די פריש־געפאַלענע.

דו פאָרסט אויפן „כביש הגבורה" פון תל־אביב קיין ירושלים. דו זעסט די צעשטערטע אויטאָס, וואָס זשאַווערן פוןביידע זייטן וועג — א דערמאָנונג פון די שלאַכטן. דיין באַגלייטער ווייזט דיר בסדר אָן:

— דאָ איז משמר השבע — וואו די זיבן קדושים זענען געפאַלן.

— און דאָ איז משמר דוד: דאָ האָט אייער אמעריקאַנער דוד מאַרקוס געקעמפט.

— און הינטער אָט דעם באַרג איז לאַטרון. דאָ זענען געווען די שווערסטע שלאַכטן.

אָבער דאָס אַלץ — אָן בייזקייט, אָן שנאה. בלויז מיט ווייטיק.

ביז דו קומסט ארויף צום הר הרצל און דו גייסט פארביי די לאנגע שורות פרישע קברים.

אין דער נאכט ערב חג העצמאות קומען זיך צונויף אין ירו־שלים די עלטערן פון די זעקס טויזנט געפאלענע אין דער יידיש־אראבישער מלחמה. פארן גאנצן פאלק איז דאָס די ערב־שמחה נאכט. אָבער פאר זיי — אויפן וועג צו אומאָפּהענגיקייט ליגט דאָך דער טויטער קערפּער פון זייער זון, פון זייער טאָכטער!...

פון יעדע הונדערט יידן, וואָס זענען דאָן געווען אין ארץ־ישראל, איז איינער געפאלן אין שלאכט!

דאָס איז א גרונט־פאקט פון יידישן לעבן, אן אויסגאנג־פונקט פון אלעמענס דענקען און פילן.

איך צווייפל ניט, אז דער ישוב וויל שלום — ווייל ער וויל לעבן אין מנוחה, ווייל ער וויל בויען דאָס אייגענע לאנד.

און דאָך — פאַרט מען אוועק פון ישראל מיט אן אומרו וועגן די שטימונגען צווישן דער באפעלקערונג.

אוודאי איז די באפעלקערונג באהערשט. דער „נערוון־קריג״, די כסדרדיקע „עפּיזאָדן״ ביי דער גרענעץ רופן ניט ארויס קיין שטורמישע אויסערלעכע רעאקציע. די אלטע תושבים, די חלוצים פון דגניה און עין חרוד זענען שוין צו דעם צוגעוואוינט. זיי לעבן דאָך שוין אין אזא אטמאָספער צענדליקער יאָרן. דער יונגער דור? ער ווייסט דאָך גאָרניט פון אן אנדער מין לעבן! ער האָט נאָך קיינמאָל ניט פארזוכט דעם זיסן טעם פון שלום. זיינע קינדער־יאָרן זענען אדורך ביי דער באגלייטונג פון דער ביקסן־שיסעריי פון אראבישן אויפשטאנד אין 1936. דערנאָך איז געקומען די וועלט־מלחמה. די יידישע בריגאדע, די לופט־אלארמען. די פּחד־טעג ערב על אלאמיין.

דערנאָך — דער קאמף מיט די ענגלענדער, הגנה. די אומלע־גאלע עליה.

און גלייך נאָך דעם — דער אומאָפּהענגיקייט־קריג.

ווי אזוי זאָלן זיי ווערן נערוועז, ווען זיי לייענען וועגן נאָך איין „גרענעץ־אינצידענט״? דאָס איז דאָך אזא טאָג־טעגלעכע זאך!

אזוי איז דאָך אַלעמאָל געווען — ווי לאַנג דער זכרון
טראָגט נאָר אויף צוריק!

אָבער אונטער דער אויסערלעכער באַהערשטקייט ברויזט אַ ים
פון זודיק־הייסע עמאָציעס. עס וואַקסט אַן אומגעדולדיקייט. עס
שאַפן זיך געפערלעכע שטימונגען, וואָס היינט זענען זיי נאָך גע־
צוימט — אָבער מאָרגן קאָנען זיי אויפרייסן דעם „סטאַטוס קוואָ“
פון איצטיקן לעבן, קאָנען זיי אוועקפירן דעם ישוב אויף די גע־
פערלעכסטע, אויף אוואַנטוריסטישע וועגן.

רעדן מיר וועגן דער טראַגיש־טרויעריקער געשעעניש: קיביאַ.

אַ רגע בין איך צופרידן ווען איך באַמערק, אַז אויך ישראלים
טרויערן צוליב די אומשולדיקע קרבנות, אָבער ווען איך גיב זיי
איבער וועגן דעם פאַטאַלן איינדרוק, וואָס קיביאַ האָט געמאַכט אין
אַמעריקע, איינשליסנדיק דאָס אַמעריקאַנער יידנטום — נעמט מען
זיך מיט דעם גאָרניט איבער:

— וואָס גייט אונז אָן אייער עפנטלעכע מיינונג? וואו איז גע־
ווען די עפנטלעכע מיינונג ווען מען האָט אונזער פאָלק געמאָרדעט
אין די געטאָס? וואו איז געווען די עפנטלעכע מיינונג, ווען די זעקס
אַראַבישע מלוכות זענען אונז באַפאַלן? זי האָט זיך אויפגעוועקט
ערשט ווען מיר האָבן גענומען יאָגן די מצרישע זעלנער צום סועץ־
קאַנאַל, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן טרייבן די סירישע טאַנקען אַריבער
זייער אייגענער גרענעץ... וואָס שווייגט די עפנטלעכע מיינונג, די
יו־ען, ווען דער רייכסטער קעניג פון דער אַראַבישער וועלט, וועמען
אַמעריקע צאָלט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, דערקלערט אָפן,
אַז מען דאַרף אפילו מקריב זיין צען מיליאָן
אַראַבער אַבי אויסצוראָטן די יידן? וואו
זענען די סאָציאַליסטן פון דער וועלט, דער סאָציאַליסטי־
שער אינטערנאַציאָנאַל, ווען די סאַמע פאָרגעשרי־
טנסטע צווישן די אַראַבער, די סאָציאַליסטן פון סיריע און לבנון,
דערקלערן עקשנותדיק: שלום מיט די יידן — קיינמאָל ניט!

קאָן מען ניט אָפּלייקענען: אין אָט די קעגן־ענטפערס איז פאַ־
ראַן אַ מאָראַלישער כוח, וואָס שטיצט זיך אויף ביטערער דערפאַ־
רונג. אָבער אין לעצטן סך־הכל — ווי פאַלש און געפערלעך איז אָט
דער צוגאַנג! לערנט דען ניט אונזער שוידערלעכע געטאָ־דערפאַ־

רונג ווי וויכטיק עס איז פאר אונז, יידן, טאקע אָט די „עפנטלעכע מיינונג"? וויפל יידן האָט זי אָפּגעראַטעוועט אין פראנקרייך, אין איטאליע, אין דענעמארק, און שוועדן! און וויפל הונדערטער טויזנטער זענען אומגעקומען ווייל די „עפנטלעכע מיינונג" אין פוילן, אין ליטע, אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד איז געווען קעגן זיי!

פון אָט דעם נעגירן די באַדייטונג פון אָפּקלאַנג אין דער ציוויליזירטער וועלט קומט באַלד דער ווייטערדיקער אויספיר:

— עס איז ווייניקער וויכטיק, ווי אַזוי די מערבֿ־וועלט פאַרשטייט אונז. װ י כ ט י ק ע ר א י ז, װ י א ז ו י די א ר א ב י ש ע װ ע ל ט פ א ר ש ט י י ט א ו נ ז!

דאָס מיינט: די אַראַבער פאַרשטייען בלויז דעם ל ש ו ן פ ו ן פ י ז י ש ן כ ו ח. פון אָפּצאָלן כ פ ל כ פ ל י ם. דו מיר איין אויג — איך דיר צוויי. פון באַשטראָפן גאַנצע דערפער.

מיט אַנדערע ווערטער: דער לשון פון זעלבן „קיביא".

אין מדינת ישראל הייסט עס „אַקטיוויזם".

אין דעם פּרט האָב איך ניט געפונען קיין וועזנטלעכן אונטערשיד צווישן דעם, וואָס עס זאָגט בן־גוריון און וואָס עס האָט מיר אין עין חרוד געזאָגט אהרן ציזלינג. פּנחס לבון און אלוף אלון רעדן אויך און דעם זעלבן לשון.

פון „אַקטיוויזם" מוז שוין אויסוואַקסן דער לעצטער אויספיר.

— די אַראַבער ווילן מלחמה. מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. אַ „צווייטע רונדע" מוז דעריבער קומען.

ט אָ ז אָ ל ז י ק ו מ ע ן װ ע ן מ י ר װ ע ל ן ע ס װ ע ל ן! ניט ווען די אַראַבער וועלן זיין שטאַרקער פון אונז. ניט ווען זייערע חיילות וועלן באַפאַלן אונזערע ישובים, אונטערצינדן אונזערע פעלדער, אַנהויבן מאָרדן אונזערע קינדער! זאָל א ו נ ז ע ר צ ד אויסקלויבן דעם מאָמענט — ווען אונזערע שאַנסן וועלן זיין די בעסטע!

פון מאָל צו מאָל רייסט זיך אַזאַ שטימונג פאַר אַ „ פּ ר ע װ ע נ ט י װ ע ר מ ל ח מ ה " אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, אין ווייניק־פאַרזיכטיקע דערקלערונגען פון טייל פון אייערע מנהיגים. גרעסטנטייל געלונגט זי צו צוימען.

אָבער אָט די שטימונג, די רעזיגנאַציע צו דער אומפאַרמייד־

לעכקייט פון ווייטערדיקן קריג, די אונטערבאוואוסטזיניקע בענק־שאפט נאָך א ראַדיקאַלער לייזונג, מיטן שווערד אין האַנט, וואָס זאָל א סוף מאַכן צו דער אומדערטרעגלעכער שפּאַנונג — זי איז אומגעהויער ברייט פאַרשפּרייט.

איר געדענקט, חבר שבתאי, אַז ווען איך האָב אויף א גרויסער פאַרזאַמלונג אין בית־הסתדרות אין תל־אביב מיט צער און באַדויערן זיך געפּרעגט וועגן אָט די שטימונגען — האָט מען מיך דערפאַר קריטיקירט, לאַנג, הייס, פּאַטעטיש; איר גופא האָט דאָס דערנאָך געגנוי באַשריבן אין „דבר".

אָבער זינט דאַן האָבן שוין די זעלבע אָבסערוואַציע געמאַכט אַזוי פיל אַנדערע באַזוכער אין מדינת ישראל, צווישן זיי פיל פון די סאַמע כשרסטע ציוניסטן! דאָס איז, זעט מען, דער גרונט־איינדרוק וואָס זיי נעמען אַוועק פון זייער רייזע. קאָן מען דאָס אָפּלייקענען מיט פּאַטעטישע רעדעס? דאַרף מען עס גאָר אָפּלייקענען?

איך וועל אייך איבערגעבן וואָס איך האָב וועגן דעם געזאָגט מיינע חברים און פריינט אין ניו־יאָרק:

— געערטע זענען די יידן פון ישראל, ווען זיי זאָגן, אַז דער „שליסל" צום שלום אין נאָענטן מזרח ליגט ניט אין ירושלים און ניט אין אַמאַן. דער צידירנד איז דאָ וואַשינגטאָן, לאָנדאָן, מאָסקווע. אויב א לייזונג — קאָן זי קומען פון ניו־יאָרק, פון „יו־ען".

דעריבער ליגט אויף אונז, אַמעריקאַנער יידן, א הייליקער חוב ניט צו דערלאָזן, אַז די „קאַלטע מלחמה" זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין א „הייסער". מיר דאַרפן אויסאיבן אונזער גאַנצן פּאָליטישן כוח און קאַמף קעגן די יעניקע אין אונזער אַמעריקאַנער רעגירונג, וואָס זענען פיינטלעך צו ישראל, וואָס ווילן דערגרייכן פּאָליטיש־סטראַטעגישע צילן אין נאָענטן מזרח א ו י ף ח ש ב ו ן פ ו ן י ש ר א ל.

עס איז אויך אונזער פליכט צו העלפן מאַטעריעל דעם ישוב אין מדינת ישראל, ער זאָל ניט צוזאַמענברעכן ווירטשאַפטלעך צוליב דער געוואַלטיקער לאַסט פון אויפהאַלטן און פאַנאַנדערבויען די פאַרטיידיקונג־כוחות פון לאַנד.

אָבער וויכטיקער פון אַלץ איז: צווינגען אונזער אַמעריקאַנער רעגירונג, באַווירקן די יו־ען, אַז זיי זאָלן אויפהערן זייער פאַלשע

פּאָליטיק פון טאָלערירן די אָנזאמלונג פון מלחמה־פּאָטענציאלן אין נאָענטן מזרח; פון צוזוארפן פון צייט צו צייט א גרעסערע מתנה אייז צד און גלייך דערנאָך א קלענערע מתנה — דעם צווייטן צד; פון אויסטיילן איינמאָל א פריינטלעכן קניפּ אין באק און א צווייטן מאָל — א בייזן קניפּ, וואָס לאָזט איבער א בלויען צייכן.

עס איז מיין איינדרוק, האָב איך דערציילט, אז ווען אמעריקע וואָלט באמת געוואָרפן איר פּאָליטיש געוויכט לטובת א שלום ביי די גרענעצן פון מדינת ישראל און אויף אָפּצוהיטן פון בלוט־פארגוס וואָלטן דאָ געקלעקט וויניקער אמעריקאנער זעלנער, ווי מען שלעפּט ארויס יעדע נאכט שיכורע פון די מערב־בערלינער און מינכענער נאכט־קלובן און ביר־האלעס! — וואָלט דער ישוב איינגעגאנגען אויף גרויסע הנחות; ניט געקוקט אויף דער אייגענער שווערער עקאָנאָמישער לאגע וואָלט ער געברענגט שווערע קרבנות אויף צו לייזן דאָס אראבישע פּליטים־פּראָבלעם.

אָט אין דער ריכטונג דארפן מיר, אמעריקאנער יידן, ווירקן אויף אונזער רעגירונג.

אָבער מדינת ישראל העלפט אונז לחלוטין ניט אין אָט דער שווערער אויפגאבע דורך איר פּאָליטיק פון „צוויי אויגן פאר איין אויג", וואָס דער שיינער נאָמען דערפאר איז „אקטיוויזם" און די פּראקטישע, העסלעך־אָפּשטויסנדע פאָרם דערפון איז — קיביא.

א קיביא־פּאָליטיק קאָן מען ניט פארטיידיקן! ווען די אמע־ריקאנער יידן ניט פארטיידיקן!

אין ירושלים מוז מען פארשטיין, אז די אמעריקאנער יידן זענען ניט דאָס זעלבע ווי אַמבאַסאַדאָרן, קאָנסולן, פּרעסע־אטאשעס, וועלכע מען האלט אין וואשינגטאָן און ניו־יאָרק און וואָס דארפן, מיט אלע זייערע כוחות און פעאיקייטן, פארטיידיקן א ל ץ, וואָס ווערט געטאָן און דערקלערט אין מדינת ישראל.

יאָ, אמעריקאנער יידן קאָנען — אויב עס וועט נאָר זיין נויטיק — שארף ארויסטרעטן אויף קעגן זייער אייגענער רעגירונג — אָבער זיי ווילן זיך איינשטעלן נאָר פאר אזעלכע זאכן, וואָס אנט־שפּרעכן זייערע אייגענע באגריפן פון יושר און דעמאָקראטיע.

קיביא, דאָס קלינגען מיטן געוועהר, די גאָרניט אזוי מטושטשע רייד וועגן דעם, אז מען דארף „אויסבעסערן די גרענעץ", וואָס קו־

מען צו אונז גאַנץ אָפּט פון מדינת ישראל — דאָס אַלץ קאָנען אַמע־ריקאַנער יידן ניט פאַרטיידיקן.

פאַרקערט, עס איז דער חוב פון אַמעריקאַנער יידנטום צו ווירקן ווי אַ צוימענדער קעגן־כוח, ווי אַ דאַמבע קעגן די אומבאַרעכנטע אַוואַנטוריסטישע העצעס פון עקסטרעמיסטן אין מדינת ישראל, קעגן דער אַנוואַקסנדער שטימונג לטובת אַן אַלץ שטאַרקערן „אַקטיוויזם”.

דורך דערקלערן אָפּן און קלאָר, אַז ער וועט בשום אופן ניט שטיצן קיין שום האַנדלונגען, וואָס זענען אין היפוך צו אונזערע הו־מאַניטאַרע כללים; אַז ער וועט ניט מיטמאַכן קיין שום שריט, וואָס דראָען צו דערפירן די איצטיקע אָנגעצויגענע לאַגע צו אַ בלוטיקער עקספּלאָזיע — דורך דעם קאָנען די אַמעריקאַנער יידן שטיצן די יעניקע באמת וויטזיכטיקע און קאָנסטרוקטיווע כוחות אין מדינת ישראל, וואָס זענען די טרעגער פון דער האָפענונג, אַז שלום מיט די אַראַבער איז פונדעסטוועגן ניט אויסזיכטלאָז, אַז פאַר שלום מוז מען זיין גרייט צו מאַכן גרויסע קרבנות, אַז דאָס איז דער איינ־ציקער וועג ווי אַזוי איינצוהאַלטן דאָס גרויסע יידישע בוי־ווערק.

דורך אַזאַ אָפענער, זעלבשטענדיקער איינשטעלונג קאָן איצט דער אַמעריקאַנער יידישער קיבוץ אַמבעסטן דינען די גוט פאַרשטאַנענע אינטערעסן פון מדינת ישראל.

* * *

דאָס איז ניט דאָס איינציק געביט, וואו גוט־פאַרשטאַנענע פּריינציפּן צום ישוב אין מדינת ישראל שטעלט זיך אין קעג־נערשאַפט צו דער אָפיציעלער ציוניסטישער פּאָליטיק פון די אָנפירער פון דער מלוכה.

און דאָס איז טאַקע געווען דער דריטער גרונט־אויס־פיר, צו וועלכן איך בין געקומען בעת מיין באַזוך:

דער עקסטרעמיסטישער, פון נצחון פאַרשיכורטער שלילת־גלותדיקער ציו־

נ י ז ם א י ז ג ע װ א ר ן א ן א ב ן־נ ג ף, א ש ט ע־ר ו נ ג צ ו א ג ע ז ו נ ט ע ר א נ ט װ י ק ל ו נ ג פ ו ן י ש ו ב.

א פּאַראַדאָקס? װער דען אויב ניט דער ציוניזם האָט אויפ־געבויט ארץ־ישראל? װער דען, אויב ניט ציוניסטן, האָבן צעאַקערט די װיסטע ערד, האָבן אויסגעטרוקנט די זומפּן? װאָס דען אויב ניט די ציוניסטישע אידייע פון גאולה פון יידישן פאָלק דורך צונויפזאמלונג אין א היימלאנד, פון נאציאָנאלער זעלבסט־שטענדיקייט, האָט באװעגט די חלוצים, האָט באגייסטערט די הגנה, האָט דערמעגלעכט דעם נצחון אין קריג מיט די אראבער? איז דען ניט די מלוכה דער פּראָדוקט פון ציוניזם, א טריאומף פון דער ציוניסטישער אידייע?

ריכטיק. מיר פאלט גאָרניט איין דאָס אָפּצופרעגן, צו פארמי־נערן דעם אויפטו פון ציוניזם. אזוי װעט עס אויף שטענדיק זיין פארצייכנט אין דער יידישער געשיכטע.

אָבער אייערע חברים — שוין אָפּגערעדט פון די נאָך מער עקסטרעמיסטישע ציוניסטן פון „חרות" — קאָנען זיך מיט דעם ניט באגנוגענען.

חזרט מען איבער אָן אויפהער די לחלוטין פוסטע לאָזונג פון קיבוץ גלויות.

מאסן־איינװאנדערונג?

װאוהין? האָט מען שוין אויסגעליידיקט די אלטע מעברות? האָט מען אויפגעבויט הייזער פאר די הונדערטער טויזנטער, װאָס װאוינען שוין אזוי א האלב צענדליק יאָרן אין די „בלעכענע פּוש־קעס", אין די חרובע סוכות? האָט מען פאר זיי געפונען ארבעט? װייניק פּיין, פארביטערונג שלאָגט ארויס פון די איצטיקע אימי־גראנטן־לאגערן? איז װייניק, װאָס איצט זענען צ ו װ י י ד ר י ־ ט ל פון דער באפעלקערונג נ י ט באשעפטיקט אין ארבעט — נאָר אין האנדל, פארמיטלונג, און אין לייכטע פרנסות? קאָן דאָס לאנד אויסהאלטן א נייע כװאליע פון אָרעמקייט, קראנקהייטן, פארװאָרלאָזקייט — און זיך ניט איינברעכן פיזיש, עקאָנאָמיש, מאָראליש?

און דער עיקר: פ ו ן װ א נ ע ן?

האַפּט מען אויף טויזנטער פון צפון־אפריקע. ציילט מען אויף די פינגער די „עולים" פון צפון־אמעריקע און אין דער פאַנטאַזיע כפל'ט מען זייער צאָל אויף הונדערט, אויף טויזנט. דערקלערט מען מיר, אז אויב די יידן פון צפון־אמעריקע וועלן ניט קומען — וועלן אפשר קומען די יידן פון דרום־אמעריקע. שיקט מען ארויס שליחים איבער אַלע עקן וועלט אַגיטירן פאַר יציאת גלות.

דערווייל אָבער קאָן די איינוואנדערונג קוים־קוים זיך אויס־גלייכן מיט דער אויסוואנדערונג.

וואָס זשע מיינט יאָ די קיבוץ גלויות־אגיטאציע אין איצטיקן מאָמענט?

זי מיינט — שליחים, וואָס פאָרן אַרום איבער די תפוצות העולם און פארמיאוסן די דאָרטיקע יידן זייער געראַנגל פאַר קיום. זיי זייען ספקות. זיי טראָגן מיט זיך פעסימיזם. זיי מאָלן בילדער פון אומקום.

פון אָרט רירן זיך טאַקע געציילטע. אָבער אָפּהענטיקייט, אומגלויבן, פאַסיווקייט באַפאַלט אַ סך.

און ווען אייערע שליחים פארלירן שוין גאָר יעדע מאָס און הויבן אָן פארמיאוסן יידיש, פּרובירן אויפצווינגען א העברעאי־זאַציע־פּאָליטיק — דערגרייכן זיי פּונקט דאָס פאַרקערטע. זיי שטעלן אויף די באוואוסטזיניקע עלעמענטן פון די דאָזיקע ישו־בים קעגן זיך.

און במילא — קעגן מדינת ישראל.

אָט דאָס מיינט דערווייל „קיבוץ גלויות" מחוץ מדינת ישראל.

אין לאַנד גופא מוז עס מיינען — א גרויסקייט־מאַניע. עקספּאַנסיע־פּלענער. שווערקייטן פאַר דערגרייכן שלום מיט די אראבער. פארגרעסערונג פון דער מלחמה־געפאַר.

איז מעגלעך צו דערווארטן, אז די דאָזיקע שעדלעכע לאָזונג זאָל פארווארפן ווערן? איז בכלל מעגלעך, אז די ציוניסטישע פי־רער פון לאַנד, פון דער מדינה זאָלן קאָנען זיך אליין מנצח זיין — און אָפּזאָגן זיך פון לאָזונגען, וואָס זיי האָבן געפרעדיקט זייער גאנץ לעבן און וואָס איצט זענען זיי ניט נאָר אומרעאל, נאָר זיי שטערן בפירוש די געזונטע אנטוויקלונג פון דער מלוכה?

שווער צו ענטפערן אויף אָט דער פראַגע.

אָבער א גרונט־ענדערונג צווישן דער שייכות צווישן ציו־ניזם און מדינת ישראל קומט סיי ווי פאַר — אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

איר, חבר שבתאי, דארפט וועגן דעם וויסן בעסער, ווי אנדע־רע. איר זענט דאָך א ציידונגס־מענטש. איר גייט דאָך צו אזוי פיל אסיפות, מיטינגען, מאסן־פארזאמלונגען. איר האָט דאָך זיכער אליין באמערקט ווי אזוי אייער עולם איז קאלט געוואָרן צו די ציוניסטישע לאָזונגען! איר האָט דאָך אוודאי ניט איינמאָל געזען, מיט וואָס פארא אומווילן אייער יוגנט האָט אויפגענומען די ציו־ניסטישע פראָפּאגאנדע־רעדעס. קלאָר, אומצווייטיידייטיק זאָגט זי דאָך אייך —

— מיר ווילן מער ניט קיין ציונות־רייד!

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערן די אינטערעסן פון ישוב, די געזונטע ריכטיק־פארשטאנענע אינטערעסן, נעמען די אויבער־האנט איבער די ציוניסטישע דאָקטרינעס פון שלילת גלות, קיבוץ גלויות. די אויסערן־פּאָליטיק, די אינערן־פּאָליטיק, די עקאָנאָמישע פּלע־נער ווערן צוגעפּאַסט ווערן צו די רעאלע באדינגונגען פון לאנד — און ניט צו די ציוניסטישע פאנטאזיעס וועגן עפּעס א מאסן־אָנפלוס פון יידן פון אַלע לענדער.

און די ציוניסטן אין אויסלאנד? אויך זיי ווערן זיך צוגעוואוי־נען צום געדאנק, אז הגם זיי האָבן געהאט גרויסע פארדינסטן פּאַ־רן נ ע כ ט ן, פארן אויפקום פון מדינת ישראל, באַרעכטיקט דאָס זיי ה י י נ ט ניט צו קיין שום פּריווילעגיעס. זיי זענען א חברה אוהבי מדינת ישראל — און אויף אָט דער אהבה האָבן זיי קיין מאָנאָפּאָל ניט!

שווין היינט קריגט דאָך מדינת ישראל הילף פון ניט־ציוניסטן פונקט אין אזא מאָס ווי פון ציוניסטן. און דאָס איז הילף געגעבן מיט פיל מער גרייטקייט — אָן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באדינגונ־גען!

עס ליגט א סך דראמאטישקייט אין דעם גייסטיקן קריזיס, וואָס דער ציוניזם לעבט איצט אדורך. אָבער אין תוך איז עס דאָס זעלבע ביטער, אָפּטמאָל טראגיש געפיל, וואָס יעדע מאמע לעבט איבער ווען איר זון, איר טאָכטער וואקסט אונטער:

אויסגעטראָגן דאָס קינד אונטערן הארצן, געבוירן עס אין ווײ־ען, געהאָדעוועט מיטן אייגענעם מילך; געהיט עס, געשיצט עס, מקריב געווען דאָס אייגענע געזונט. און אָט קומט אָן די צייט — און דאָס ייִנגעלע ווערט מאַן; דאָס מיידעלע — פרוי. זיי שטייען שוין פעסט אויף זייערע יונגע, געזונטע פיס.

און דאַן גייען זיי אוועק פון דער היים, פון דער מאמע — צו דער גרויסער וועלט, צו אַן אייגן לעבן, צו אַ זיווג.

בלייבט די מאַמע שטיין — מיט אַ צעבראָכן האַרץ, מיט אויס־געוויינטע אויגן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

אַ טראַגישע פיגור.

אַזוי איז שוין אָבער דאָס לעבן. און אין באַוואוסטזיין, אז דאָס קינד האָט דערגרייכט רייפקייט און אין דער רייפקייט — אַ נייע גליקלעכקייט, געפינט די מאַמע איר טרייסט און שכר.

וועט דער וועלט־ציוניזם געפינען אין זיך די כוחות, וואָס יעדע פשוטע מאַמע אויף דער וועלט האָט, וואָס זי מוז האָבן?

ניט איך בין באַרופן צו זאָגן נביאות וועגן דער צוקונפט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אָבער מדינת ישראל — זי האָט איר „זיווג״. און אין אָט דעם זיווג ליגט איר צוקונפט, איר גליק.

מיט אָפענע אָרעמס האָט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אויפ־גענומען די יידישע מדינה.

און פון ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ ווייסט מדינת ישראל אַז דער יידישער ישוב פון אַמעריקע — ווי אַלע אַנדערע ישו־בים — וויל זיך פאַרבינדן מיט איר אין שותפות פון גורל־געראַנגל.

גרויס זענען די פריערדיקע פאַרדינסטן פון די ציוניסטן — אָבער צו דער איצטיקער יידישער מדינה זע־נען אלע יידן שותפים! אירע דערפאָלגן זענען זייערע שמחות. אירע דורכפאַלן רופן ביי אונז אַרויס טרויער. אירע פעלערן שלאָגן אויף אונז.

און פונקט אַזוי דאַרף אויך פאַר די יידן אין מדינת ישראל קלאָר ווערן זייער גורל־פאַרבינדונג מיט די יידן פון דער וועלט: אז יעדער אויסדרוק פון וויטאַליטעט פון אַ יידישן ישוב אין אַנדערע קאָנטי־נענטן שטאַרקט זיי אין זייער אייגענעם געראַנגל. אז יעדע מפלה,

יעדע אָפּשוואַכונג פון פּולס פון יידישן לעבן — אין אמעריקע אָדער אויסטראַליע, אין אייראָפּע אָדער דרום־אַפריקע — טרעפט אויך זיי, די יידן פון מדינת ישראל. אַז יעדע קולטור־שאַפונג אין די תפוצות באַרייכערט זייער אייגן גייסטיק לעבן.

דאָן וועט די זאָרג זיין אַ קעגנזייטיקע. די קעגנזייטיקע קריטיק — אַ ברידערלעכע. די אָנשטרענגונג — אַ געמיינזאַמע.

אַזוי וועט אויסגעשמידט ווערן אונזער שותפות פון גלייכע מיט גלייכע.

ביז איצט איז עס געווען אַ גורל־שותפות אין אומגליק, אין פאַרפאָלגונג, אין ליידן.

זאָל עס אין דער צוקונפט ווערן אַ שותפות פון בויען, פון גע־ראַנגל פאַר אַ רייכערן שענערן יידישן לעבן — אומעטום.

אַ גרוס אייך פון איינעם אַזאַ „שותף".

בענצל צאלעוויטש
תל־אביב

☆

טייערער חבר בענצל:

היינט האָב איך געקראָגן א בריוו פון די חברים פון ישראל: בענצל ווערט אַלט זיבעציק יאָר, וועט זיין אַ שמחה...

זיבעציק יאָר. דאָס פירט אונז אוועק צו די אכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט. צו דעם גרויסן ע ר ב אין יידישן לעבן: ערב דער אויפוואכונג פון יידישן פאָלק פון א שלומער, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרהונדערטער. אן אויפוואכונג א נאציאָנאלע, א סאָציאלע, א קולטורעלע.

און צווישן דער אויפגעוואכטער מחנה, צווישן דער באגייסטערטער, צעברויזטער יוגנט — אן אָרעמער בעקער־יינגל פון ביאליסטאָק: בענצל.

און איידער נאָך די ערשטע הערעלעך האָבן זיך באַוויזן אויף דער אויבערשטער ליפּ האָט איר אייער ערשטן „לעבנס־זיווג" געשלאָסן:

— אויף לעבן און טויט א פּארבאנד...
„בונד".

1902—1905: איר זענט אין סאמע קאָך פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. בייניש מיכאלעוויטש, פּאַוועל ראָזנטאל און זיין יונגע פרוי אננא פון וואָלקאָוויסק — איידער זיי גייען אוועק קיין סיביר, צום לעגענדארן „ראָמאנאָווקער אויפשטאנד". און נח — דער געהיימניספולער נח, דער אָנפירער פון דער רעוואָלוציע אין גאנצן תחום־המושב. זייער געהיימע קוואַרטיר — בַיי אייערע עלטערן אויף די פּיאסקעס אין רבינס געסל.

1909—1912: דער סעקרעטאַריאַט פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט — וויינשטיין, יודין, אסתר פרומקין, נח, ליטוואַק — שוין ביי אייך, בענצל און איטקע אויף פּאָלעוואַיאַ. דורך אייער שטוב

זענען אַרורכגעגאַנגען אַלע דעלעגאַטן פון רוסלאַנד צו דער צענטער קאָנפערענץ פון „בונד" אין לעמבערג. אי״ער איטקע האָט זיי אַלעמען באַזאָרגט מיט רייזע־הוצאות...

דאָס בעקער־ייִנגל איז שוין א רייפער, דערוואקסענער בעקער־אַרבעטער. ביי זיין זייט — איטקע. פון די סאַמע געטרייסטע טעכ־טער פון „בונד".

סכאדקעס. קרייזלעך. פאַרזאַמלונגען אין וואלד. שטרייקן. דע־מאָנסטראציעס. און פארשטייט זיך — אַרעסטן. צאַרישע תפיסות.

די יאָרן גייען, די באַוועגונג וואקסט, און מיט איר — בענצל׳ס נאָמען אין ביאַליסטאָק, צווישן די יידישע ארבעטער אין „בונד".

וועגן דעם קאָן מען א סך, א סך שרייבן — אָבער דאָס דארפן טאָן אנדערע, די, וואָס האָבן אייך דאָן געזען אין דער ערשטער ריי פון דער מחנה.

און דאָ גיט אייך אייער גורל א מאָדנעם קער און דער בונדיסט בענצל געפינט זיך מיט אמאָל, אין אויגוסט 1922, ביים ברעג פון ים התיכון, אויף די זאמדן פון תל־אביב. אין א יאָר ארום נעמט ער אראָפּ איטקען מיט די קינדער.

און עס הויבט זיך אָן דער צווייטער קאפיטל פון אייער לעבנס־געשיכטע:

**דער איין און איינציקער בונדיסט אין ארץ־ישראל!**

אָ, היינט איז לייכט וועגן דעם צו רעדן! היינט זענען פאַראַן הונדערטער בונדיסטן אין לאַנד. די פאַרטייאישע ציוניסטן זענען א מיעוט פון ישוב. קריטיקירן, באקעמפן די ציוניסטישע פאָליטיק? — היינט גייט דאָך וועגן דעם אָן א גייעג איבערן גאנצן לאַנד: ווער קאָן עס מאכן בעסער, שארפער? דווקא ציוניסטן געווינען דאָ אַלע פּריזן...

אָבער מיט דרייסיק יאָר צוריק — א קליינער ישוב, בלויז פערציק טויזנט, אָבער א געקליבענער, ציוניסטן איינער און איינער! און ניט גלאט ציוניסטן; איבערגעגעבענע מיט לייב און לעבן, חלו־צים. פארקאָכטע מיט דער גאַנצער נשמה. במילא — פאַנאַטיש און ווייניק טאָלעראַנט פאַר אַנדערע מיינונגען. א פשיטא שוין — צו

בונדיזם, דער באַוועגונג, וואָס איז דער היפוך פון זייער גאַנצן לע־בנס־גאַנג, וואָס האָט זיי אַזוי שאַרף באַקעמפט.

און מיט אַמאָל — בונדיסטן אין זייער מחנה! און נאָך וואָס פאַר אַ בונדיסטן!

בונדיסטן וואָס היטן אָפּ אַלע תרי״ג בונדישע מצוות, וואָס טראָ־גן איך זייער בונדישקייט אַנטקעגן גלייך מ׳זאָל ערשטן „שלום!״.

עס איז זיך איצט שווער פאָרצושטעלן די גייסטיקע איזאָלירט־קייט, אין וועלכער איר ביידע האָט זיך געפונען בעת אייער אָנקו־מען קיין ארץ־ישראל.

וואָס־זשע טוט בענצל דער בונדיסט?

דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געטאָן אין ביאַליסטאָק. ער גייט אַוועק זוכן אַרבעט אין אַ בעקעריי.

דערציילט איר:

— ווען איך בין אָנגעקומען, זענען אין תל־אביב געווען 27 בעקער־אַרבעטער, פון זיי האָבן זיבעצן געאַרבעט און צען זענען געווען אַרבעטסלאָזע. בין איך געוואָרן דער עלפטער אַרבעטסלאָזער בעקער אין תל־אביב. בלויז מיט איין אונטערשייד: איך בין געווען דער ערשטער יידישער בעקער־אַרבעטער אין תל־אביב מיט א פאַר־איינס־קאַרטע. איך האָב זי נאָך ביז צום היינטיקן טאָג. דער נומער — פון דריטן טויזנט.

יאָ, די הסתדרות איז נאָך דאַן געווען א שוואַך קינד אין די ווי־קעלעך. בלויז עפּעס מער ווי צוויי טויזנט מיטגלידער געהאַט. מען האָט נאָך געהאַלטן ביים אָרגאַניזירן די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

ניט לאַנג איז בענצל געווען דער איינציקער בעקער אין דער הסתדרות. בענצל דער בונדיסט טוט אין תל־אביב דאָס זעלבע, וואָס ער האָט פריער געטאָן אין ביאַליסטאָק: ער פאַרנעמט זיך מיט סאָ־ציאַליסטישער אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע צווישן די בעקער־אַרבע־טער.

און צווישן די ערשטע, די בעסטע פאַראיינען פון דער הסתדרות קומט באַלד צו — דער בעקער־פאַראיין אין תל־אביב.

בענצלס פאראיין.

קריצן די ציוניסטן מיט די ציין. שושקען זיי סודות אין די אויערן פון די אַרבעטער. פאָדערן זיי, סטראשען זיי.

אָבער אַז מען ווילט ווידער דעם ועד הפועל פון תל־אביב, דעם פארלאמענט פון די ארבעטער — זיצט דאָרט דער שליח פון די בעקער־אַרבעטער, זייער פאָרזיצער, דער בונדיסט בענצל!

אזוי ווי ער איז געזעסן אין אַרבעטער־ראַט פון ביאַליסטאָק.

איר האָט היינט ליב צו דערציילן וועגן די אמאָליקע געפעכטן די דעבאַטעס, די אָנפאַלן אויף אייך, ווי אַזוי די ציוניסטן האָבן גע־פּרוּווט אייך פארשרייען, צו פארמאכן דאָס מויל.

נאָך מער אָבער האָט איר ליב צו דערציילן וועגן דעם, וואָס עס איז געווען צ ו ו י ש ן די קריגערייען:

— מיר האָבן צ ו ז א מ ע ן געקעמפט קעגן די באַלעבאַטים! מיר האָבן געמאכט א סוף צו די שקלאפן־לוינען! מיר האָבן געוואָר־נען חשיבות פארן אַרבעטער!

— דער ערשטער שטרייק איז געווען — פאַר אַ צוועלף־שעה־דיקן ארבעטס־טאָג. דער צווייטער — פאַר אַ צען־שעהדיקן און דער דריטער — פאר א 9־שעהדיקן.

און דאן איז געקומען דאָס יאָר 1933. בענצל פירט ווייטער ארויס די בעקער־אַרבעטער אין שטרייק. דאָס מאָל איז דער ווידער־שטאנד פון די באלעבאטים פארביסן. מען נוצט שטרייק־ברעכער. ניין לאַנגע וואָכן דויערט דער שטרייק. אָבער נאָך די ניין וואָכן קומט בענצל א צעשטראלטער אין ועד הפועל און מעלדעט:

— חברים! מיר האָבן געזיגט! די בעקער האָבן געוואונען דעם אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאָג!

עס הויבט זיך אָן די צייט, ווען די אַרבעטערשאפט הויבט אָן בויען אירע אייגענע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. אויפן לאַנד איז שוין פארפעסטיקט דער הסתדרותישער קיבוץ, די קבוצה. הויבט מען אָן אין די שטעט צו בויען ארבעטער־קאָאָפּעראטיוון.

און איר, בענצל, זענט צווישן די ראשונים אויך אויף אָט דעם נייעם ארבעטער־פראָנט.

שאפט מען א בעקער־קאָאָפעראטיוו. דאָס אָרעמע שווארצע ברויט, לחמא עניא, זאָל ניט ווערן א מקור פון קאפּיטאליסטישע

פראָפיטן. זאָל אונזער קליין פּעניצל ברויט ניט ווייך מאכן אן אויסנוצער.

ביים אָנהויב — א קליינע, אָרעמע קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אין אַן ענגער, פינצטערער דירה׳לע. בלויז פיר אַרבעטער.

היינט — א גרויסע, מאָדערנע, מעכאַנישע בעקעריי. אַ פּיל־שטאָקיקער בנין. צענדליקער אַרבעטער. קייקלען זיך פון דאָרטן טויזנטער לעבלעך ברויט איבער דער גאַנצער ברייט־אויסגעוואַקסענער שטאָט.

א קאָאָפּעראַטיוו. א מעכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציע פון אַרבעטער־קלאַס.

אין דעם ליגט א סך, א סך שווערע האָרעוואַניע און בויערישער פאַרמעסט פון בונדישן בעקער פון ביאַליסטאָק, בענצל צאַלעוויטש.

דערווייל וואַקסן אונטער קינדער. זיי זענען שוין ארץ־ישראל־דיקע ביז צום ביין. סאַברעס ממש.

איז וואו פירט זייער וועג, אויב זייער טאַטע׳ס און מאַמע׳ס היים, דער „בונד״, איז פאַרבליבן מעבר לים?

פאַר די הייסע בונדיסטן בענצל און איטקע איז עס גאָרניט געווען שווער צו פּסקענען:

— אויב איר קומט אין א צווייטן לאַנד — האָט אונז דער „בונד״ געלערנט — איז דער ערשטער געבאָט: ווערט א טייל פון דער סאָציאַליסטישער מחנה! ווערט א שותף אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער־זאַך! בויט די פעסטונגען פון אַרבעטער־קלאַס!

איז דעריבער ניט קיין חידוש אז בענצלס זון איז אוועק אין סאָציאַליסטישן קיבוץ.

אויף מיינע וואַנדערונגען איבערן לאַנד בין איך, פאַרשטייט זיך, אויך געווען ביי דער „מאַמע פון די קיבוצים״ — אין דגניה. האָט מיך חבר לוי פון בית גאָרדאָן אַרומגעפירט אין אַלע ווינקעלעך, איבער אַלע איינריכטונגען פון דאָזיקן זעלטענעם צווילינג־קיבוץ. נישקשה, עס איז דאָ א סך וואָס צו זען!

אַ פאַרמאַטערטער האָב איך זיך צום סוף דערשלעפּט צו חבר לוי׳ס צימער און זיך געוואָלט אַוועקלייגן אָפּרוען. ערשט א שכן איז דאָ:

— שלום!

א הויכער, ברייט־פּלייציקער מאַן, מיט א הויט פארברענט צו קופּער־רויטקייט און דורכגעאַקערט דורך אַן א שיעור חמסין־ווינ־טן דערלאנגט מיר א גרויסע, א ברייטע, מאזאָלעדיקע האנט:

— צלביץ!

— צ א ל ע ו ו י ט ש?

— יאָ — שמייכלט ער. — איך רעכן, אז איר קאָנט מיר אָפּגעבן א גרוס פון מיין טאטן...

מיר האָבן שפּעטער פארבראכט צוזאמען לאנגע שעהן — מיט אייער זון, אייער שנור, די פיינע, זשוואווע אייניקלעך. אייער שמו־אל, חבר בענצל, איז ניט פון די גיריקע רעדנער. דער דאָרף האָט אים אויסגעלערנט א גרויסע קונסט — די קונסט פון שווייגן. ער ציילט זיינע ווערטער. זענען דעריבער זיינע רייד אזוי ווי זיין גאנ־צער געמיט, זיין גאנצער שטייגער: געלאסן און סאָליד. אזוי געלאסן, ווי עס איז דער וואוקס פון דער תבואה אויף די פעלדער. אַזוי סאָליד, ווי עס איז דער טראַקטאָר, וועלכן ער לאָזט ארויס פון זיין מאשין־װארשטאט.

זיכער. אַזוי זיכער ווי ער איז, אז דער קיבוץ, וואָס ווערט שוין באלד פופציק יאָר און וואָס האָט אויסגעהאלטן שטורעמס ביים טערק, ביי די ענגלענדער, בעתן אראבישן אויפשטאנד און קודם־כל — אין אומאָפּהענגיקייט־קריג — אז אָט דער קיבוץ וועט איבערקומען אויך אלע אנדערע שטורעמס, וואָס קאָנען קומען.

און אין נאָך איין זאך: אז קיבוציש לעבן — דאָס איז דער ריכטיקער וועג צו בויען דאָס יידיש לאנד. און דער ריכטיקער וועג צו לעבן ווי א סאָציאליסט.

אָבער דער הויפּט־איינדרוק: פארוואָרצלט. פארוואָרצלט אין דער מאמע־ערד, אַזוי ווי דאָס געדיכטע וועלדל פון טייטל־בוימער, וואָס הויבט זיך צו די הימלען פארן חדר אוכל פון קיבוץ.

א פראכטפולן זון האָט איר אין דגניה, חבר בענצל!

לאַנגע יאָרן פון שווערער פראצע אין בעקער־װארשטאט. הארט־נעקיקער קאמף פאר ארבעטער־רעכט. פירער פון אַרבעטער־פאראיין. בויער פון ארבעטער־קאָאָפּעראטיוו.

און אַ זון — אַ פעלז, אַ פונדאַמענט פון שענסטן קיבוץ אין לאַנד.

וואָס נאָך קאָן אַ מענטשביישטייערן צום לאַנד? מיט וואָס נאָך קאָן אַ סאָציאַליסט דעראָבערן זיין פּלאַץ אין לאַגער פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל? וואָס פאַר אַ גרעסערן זכות קאָן האָבן אַ בירגער פון מדינת ישראל?

פאַראַן נאָך דער לעצטער, דער העכסטער, דער הייליקסטער זכות:

ווען די ערד זאַפּט אין זיך איין דאָס בלוט פון דיינס אַ קינד, ווען זי וויגט איין — אויף אייביק — דעם גוף פון דיינעם אַ זון.

שמואל איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין דער קליינער מחנה, וואָס האָט פאַרטיידיקט דעם עמק הירדן. אהער זענען אָנגעקומען די חיי־לות פון סיריע, פון איראַק. פון עמק הירדן האָט געפירט דער וועג צום עמק יזרעאל — פון דאָרט — קיין חיפה, קיין תל־אביב.

האָט זיך זיי ביי דגניה אַנטקעגנגעשטעלט די קיבוצישע הגנה. אַנטקעגנגעשטעלט כמעט מיט הוילע הענט — מיט דרייסטקייט, מיט פאַראַכטונג פאַרן טויט. אַ ברירה געווען? אַ רגע פאַר דעם האָט מען דאָך, אונטערן האַגל פון קוילן, ארויסגעפירט די פרויען מיט די קינדער פון קיבוץ!

אָפּגעשלאָגן דעם אָנגריף. שמואל איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ וואונד. בלויז אַ ביסל בלוט צושטייער צום לאַנד;

געווען אָבער אויך אַ צווייטער זון, אַן אמתער סאַברע. געבוירן אין תל־אביב אין זומער 1927. פרץ האָט ער געהייסן — נאָך דעם באַגייסטערער פון אייער יוגנט, חבר בענצל.

קומט 1942. די געטאָס ברענען. פון ביאַליסטאָק קומט אָן, ווי אַ דונער, די ידיעה ווען די „שבתדיקע" — די פינף טויזנט קדושים, וועלכע די דייטשן האָבן צונויפגעיאָגט אין דער גרויסער שול — און אויסגעשאָכטן.

די יוגנט ברענט. יידישע בחורים רייסן זיך אין ענגלישן מיליטער: שלאָגן זיך מיט די נאַציס.

רייסט זיך פרץ צום קאַמף.

איז ער אָבער בלויז פופצן יאָר. צו יונג. די ארמיי לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן.

איז ניט קיין זעלנער — איז לשמירת המולדת! פרץ האָט עפּעס באוויזן צו מאכן זיך א פאלשן געבורט־שיין: צוגעגעבן זיך א פּאָר יאָרן. אזוי איז ער געוואָרן א נוטר. געהיט דעם באַן־וועג ביי הדרה, קעגן דייטשע סאבאָטאזשניקעס, קעגן די אגענטן פון מופטי, היטלערס משרת.

ד ע ר ס א מ ע י י נ ג ס ט ע ר נ ו ט ר א י ז ע ר ג ע ו ו ע ן!

און דאָ איז געשען דער אומגליק. אין דער געהילף־ארמיי איז אויסגעבראָכן א טיפוס־עפּידעמיע און פּרץ, דער ייִנגסטער פון דער מחנה, — דער ערשטער קרבן.

איז פון פלאקערנדיקן ייִנגל געבליבן בלויז א מצבה אויפן תל־אביבער בית־עלמין:

„ פ ר ץ צ ל ב י ק — צ ע י ר ב נ ו ט ר י ם ".

און אויף א וואנט אין אייער צימער, בענצל און איטקע — א בילד פון א שיינעם, יונגן, צעשמייכלטן בחור מיט בליקן, וואָס קוקן דרייסט אין דער צוקונפט.

אזוי האָט איר געמוזט אויסזען, חבר בענצל, מיט 55 יאָר צוריק, ווען איר זענט געוואָרן איינער פון דער „חברה אחדות" — פון „בונד"..

און אונטער דעם בילד האָט איר אָנגעשריבן די לויטערע שורות פון אייער בן־עיר, אונזער גרויסן מקונן, ז. סעגאלאָוויטש עליו השלום:

פון א זון און פון א ברודער<br>
בלייבט א שטיין אונז און ניט מער.<br>
פון א זון און פון א ברודער<br>
בלויז א שטיין און בלויז א טרער, —

אויף דעם שטעגל צו דיין קבר<br>
שפּרייזן אבלדיקע טריט,<br>
דיין משפּחה מיט דיין קבר —<br>
איין צוזאמען, איין געמיט.

אזוי ווערט געחתמעט אייער בונד מיט דעם יידישן לאנד.

...יאָרן שטייען ניט. די עלטער רוקט זיך אָן — צוגעאיילט דורך

דעם גרויסן אומגליק מיט אייער זון פּרץ׳ס טויט. צו שווער שוין צו שטיין ביים מולטער, ביים אויוון.

הייסט דאָס — צוריקציען זיך? אין רו פון די ציכטיקע צימערן אויף דער שטילער באַזעל־גאַס?

חלילה. אוועק פון דער בעקעריי — צו נייע, שווערע אַרבעטן...

אייער זיבעציק־יאָריקער יובילײ וועט, פאַרשטייט זיך, געפּייערט ווערן אין דער פּראַכטפולער פראַנץ קורסקי־ביבליאָטעק אויף רחוב אַראַנסאָן. וועט מען זיכער, אויסער די זכותים אייערע פון אַמאָל, אויך דערמאָנען אייער סאַמע לעצטע אַרבעט: פאַרן יידישן בוך, פאַר דער יידישער קולטור. די גרויסע ביכער־שענק, פול אָנגעפּאַקט מיט יידישע ביכער, מיט די שענסטע אוצרות פון אונזער קולטור, וועלן ניט לאָזן פאַרגעסן: אַז דווקא ווען די עלטערע יאָרן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען האָט בענצל — ווידער אַמאָל איינער אַליין! — זיך געלאָזט אין אַ נייער מלחמה: דעראָבערן פאַרן יידישן בוך אַ פּאָזיציע אין ארץ־ישראל. אויסקעמפן ביי די העברעאיסטישע פאַנאַטיקער אַ פּלאַץ פאַר דער יידישער ליטעראַטור אויף דער ביכער־פּאָליצע. אַריינפּלעכ־טן דעם פאָלקס־רוף פון פּרצן, דעם געלעכטער פון שלום עליכם, דעם צאַרטן טרויער פון א. רייזען, דעם בייזן געבערום פון משה לייב האַלפּערן, די אויסלייזונג־בענקשאַפט פון לייוויקן און דאָס גרויסע געוויין פון סעגאַלאָוויטשן און קאַצענעלסאָן אין דער מאָזאַאיק פון יידישן לעבן אין לאַנד. און ניט אין קאַלטער איבערזעצונג — נאָר אין מאַמע־לשון, פאָלקס־לשון, אין קדושה־לשון פון די זעקס מיליאָן פאַרגאַזטע ברידער!

בענצל דער בעקער — דער מוכר ספרימניק פון יידישן בוך, דער „אַמבאַסאַדאָר" פון יידישן געדרוקטן וואָרט, דער בויער פון יי־דישע ביבליאָטעקן, דער אָרגאַניזאַטאָר פון יידישע קולטור־אונטער־נעמונגען, אַרטיסטישע אַרויסטריטן, יידישע ליטעראַרישע אָוונטן.

די בענצל בעקערס האָבן עס געטאָן נאָך מיט פופציק יאָר צוריק.

עס איז אַ ניי און בכבודיק בלאַט אין דעם פיינעם ספר פון אייער לעבן, חבר בענצל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער ווען די חברים ווען בציבור פייערן אייער יובל, וועלן — בין איך זיכער — זייערע רייד, זייערע באַגריסונג־רעדעס זיך „דריי־ען" דער עיקר אַרום דעם גרויסן און פאַרוויקלטן קנויל פון פּראָב־לעמען:

„בונד" אין מדינת ישראל.

שווער איז איצט דאָס לעבן פון אַ בונדיסט — אומעטום.

אָבער שווערער ווי אומעטום איז די לאַגע פון אַ גרופּע בונדיסטן אין מדינת ישראל.

אָפּזאָגן זיך פון „בונד", פאַרגעסן — קאָן מען, פאַרשטייט זיך, ניט.

איינצלנע האָט דער גורל, סביבה, שטימונגען, משפחה־פאַרביג־דונגען, פאַרטראָגן אין אַנדערע לאַגערן.

זיצט איינער אַ בחור, אַ טייערער חבר, אין אַ קיבוץ פון „השומר הצעיר". אָבער וועגן וואָס חלומט ער?

— געדענקסט אונזער סקיף־קרייז אויף מילע 51? געדענקסטו יורעקן, דעם שטיפערישן יינגל, וועמען מיר האָבן איבערגעלאָזן אין וואַרשע אין 1939 און מיר האָבן אים „צוריקגעפונען" — אין די היכ־לען פון אומשטערבלעכקייט, ווי איינעם פון די דרייסטסטע אָנפירער פון דער געטאָ־שלאַכט, זיין האַרץ אַדורכגעשאָסן דורך אַ דייטשער קויל...

האָט אַן אַנדערער, אַ קינד פון ווילנע׳ס גרעסטער אָרעמקייט, אַ הינקעדיקער, זיך דורכגעשלאָגן, דורך געטאָ און שקלאַפן־לאַגער, דורך די־פּי צענטערן אין בערלין — ביז צו ארץ־ישראל. איצט פאַר־נעמט ער אַפילו אַ שטיקל פּאָזיציע אין רעגירונג־אַפּאַראַט און אין דער מפא״י, אָבער אַז מיר האָבן זיך געטראָפן — טאַקע אין דער רעגירונג־געביידע אין דער קריה — האָט ער מיט טרערן אין די אויגן גערעדט:

— ווייסטו וואָס איך האָב זיך אַ ל ץ אויסגעלערנט? ווייסטו ווער עס האָט דעם שלעפּער־יינגל פון נאָווגאָראָד געמאַכט פאַר אַ מענטש? א ו נ ז ע ר אָרגאַניזאַציע, אונזער בונדישע יוגנט, אונ־זערע זומער־לאַגערן! און מעג עס דאָ טייל ניט געפעלן ווערן — איך גיב עס דאָ יעדן איינעם איבער. ע ס א י ז מ י י ן י ח ו ס־ ב ר י ו ו!

צווישן עקסטרעמיסטישן, מאקסימאליסטישן ציוניזם פון דער „מפא״י״ און דער הורא פראָ־מאלענקאָוו־פּאָליטיק פון „מפ״ם״ — אַ בונדיסט קאָן ניט געפינען קיין פּלאַץ פאר זיך אין קיינעם פון אָט די אַרבעטער־לאַגערן.

האָט מען זיך געהאלטן צוזאמען. און ביסלעכווייז איז די משפּחה־פאַרבינדונג איבערגעוואקסן אין אַ פּאָליטישער, אידעאישער אָרגאַניזאציע.

אזוי איז אויפגעקומען דער „בונד״ אין מדינת ישראל.

ווער האָט דאָס געקאָנט פאָראויסזען? ניט נאָר פאר ציוניסטישע קעגנער, נאָר אויך פאַר פיל בונדיסטן גופא האָט אַזאַ זאַך אויסגעזען משונהדיק.

ביידע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— וואָס קאָן טאָן א „בונד״ אין ציוניסטישן לאַנד?

ווי אזוי איבערצייגט מען פריינד און שונאים, אז דער „בונד״ האָט יאָ א פלאַץ אין ישוב?

דער „בונד״ איז געווען קעגן ציוניסטישן טרוים פון אן אייגענער מלוכה. אָבער איצט איז דאָך די מלוכה פאַראַן! טאָ ווי אזוי איז מען גובר אייגענע געשיכטלעכע טראַדיציע? דער נס איז געשען, די מלוכה, אויסגעוויינטיקט אין בלוט פון אירע בויער און פארטיידיקער, איז געבוירן געוואָרן און עקזיסטירט — ווי אזוי איבערצייגט מען די אַרומיקע וועלט, אז ניט נאָר קעמפן מיר ניט קעגן דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, נאָר אַז מיר זענען פול מיט טיפער, אויפריכטיקער זאָרג פאר דער מדינה, אַז מיר ווילן, אַז דעם פרייען יידישן לעבן אויף דער אַלטער יידישער ערד זאָל קיין שלעכטס ניט געשען, אז שונאים פון דרויסן און פארבלענדטע פריינד פון אינעווייניק זאָלן ניט אונטערזעגן די יסודות פון אָט דעם פרייען יידישן לעבן?

ווי אזוי קלערט מען אויף אַ פּאַרטיי־ציוניסט, אז מען קאָן זיין אַ פאַרביסענער שונא פון ציוניסטישן דרך פון „לייזן״ די יידן־פראגע דורך ליקווידירן אָדער פארמשפּטן צו אסימילאַציע אלע יידישע תּפוצות מחוץ ארץ־ישראל; אז מען קאָן אָפּוואַרפן די פּעסימיסטישע וועלט־אַנשויאונג פון ציוניזם וועגן דער אייביקייט פון אַנטיסעמיטיזם און דער אומפארמיידלעכקייט פון יידישן אונטערגאנג; אַז עס קאָן עקלען פון מגושמדיקן, גויאישן שאָוויניסטישן, מיליטאַריסטישן

טאָן, מיט וועלכן ציוניסטן רעדן וועגן די אַראַבישע שכנים, וועגן שלום מיט די אַרומיקע מלוכות —

און מען קאָן דערביי „אָננעמען" די יידישע מלוכה, זיין איר איי־בערגעגעבן, אַרבעטן פאַר איר — לויט די אייגענע טיפסטע איבער־צייגונגען — זיין גרייט זי צו פאַרטיידיקן ?

ווי אַזוי פאַרבינדט מען די אָנערקענונג, אַז עברית איז די לאַנד־שפּראַך פון מדינת ישראל — מיט דער געטאָ־יישאפט צו יידיש, דער שפּראַך וואָס פאַרבינדט אַזוי שטאַרק די יידן פון דער גאַנצער וועלט? ווי אַזוי דעראָבערט מען פאַר יידיש אַ פּלאַץ אין מדינת ישראל ? ווי אַזוי געווינט מען פאַר איר חשיבות ?

דער „בונד" האָט דער ערשטער געלערנט די יידישע אַרבעטער־מאַסן באַוואוסטזיין, קלאַסן־קאַמף, אינטערנאַציאָנאַליזם. דער „בונד" האָט געשאַפן די ערשטע אומלעגאַלע אַרבעטער־קאַסעס, געפירט די ערשטע שטרייקן, אָנגעפירט אַ דור צייט מיט די יידישע אַרבעטער־פאַראיינען אין מזרח־אייראָפּע.

אָבער איצט איז מען דאָך אין מדינת ישראל ! און דאָ איז די אַרבעטער־באַוועגונג — די הסתדרות. אירע דרכים זענען ניט די דרכים פון בונדיסטן. איר אידעאָלאָגיע, איר בוי, איר אופן פון אַר־בעט זענען פרעמד די בונדישע מיטגלידער פון וואַרשעווער נאָדל־פאַראיין אויף נאַלעווקי 34, פון לאָדזשער טעקסטיל־פאַראיין אויף אָגראָדאָווע 9, פון ווילנער האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַראיין אויף זאַ־וואַלנע גאַס.

ווי געפינט מען פאַר זיך אַן אָרט אין דער אַרבעטער־באַווע־גונג ? ווי אַזוי קאָן מען אַמבעסטן קעמפן קעגן די טיפע פעלערן אין דער הסתדרות — דעם ביוראָקראַטיזם, די פּשרותדיקייט, דעם היי־פּער־נאַציאָנאַליזם, דאָס מקריב זיין די אַרבעטער־אינטערעסן אויפן מזבח פון מלוכה — און גלייכצייטיק קלאָר מאַכן, אַז מען איז שטאָל און אייזן פאַר די גרויסע דערגרייכונגען און דעראָבערונגען פון דער אַרבעטערשאַפט — די סאָציאַליסטישע קיבוצים, די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, די אַרבעטער־אינדוסטריע, די סאָציאַלע געזעצגעבונג, די קופּת חולים ? אַז בונדישע אָפּאָזיציע מיינט ניט דאָס זעלבע ווי די קאָמוניסטישע און האַלב־קאָמוניסטישע העצע קעגן הסתדרות ? אַז אין פאַרטיידיקונג פון די אַרבעטער־אינטערעסן, ביים אָפּשלאָגן די

אָנגריפן פון דער רעאַקציע און פון די קאָמוניסטישע און די כמעט־קאָמוניסטישע מפ״מ׳ניקעס — איז די קליינע גרופּע בונדיסטן מיט לייב און לעבן א טייל פון דער דעמאָקראַטישער ארבעטער־באַוועגונג?

שווערע פּראָבלעמען. ניט איין בונדיסט מאטערט זיך נאָך ביים „איינבייסן" אָט די הארטע נוס.

ווי גרויס איז דעריבער דאָס גליק פון די בונדיסטן אין מדינת ישראל, וואָס זיי האָבן צווישן זיך, אין זייער שפּיץ, — אייך, חבר בענצל, וואָס דאַרף ניט ערשט אָנהויבן די דאָזיקע פראַגעס צו לייזן ט ע אָ ר ע ט י ש, נאָר וואָס האָט דרייסיק יאָר לעבן און קאַמף אין מדינת ישראל אַלס באַווייז, אַז די דאָזיקע פּראָבלעמען קאָנען געלייזט ווערן!

דעריבער איז אַזוי גרויס די פרייד פון די יונגע בונדיסטן, וואָס זענען געקומען קיין מדינת ישראל פון די געטאָס, פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, פון קאַצעטן, פון רוסישע שקלאַפן־לאַגערן, ווען עס שיינט אויף זייערע פאַרזאַמלונגען ארויס אייער ווייסער קאָפּ, חבר בענצל.

מען ווערט זיכערער, דער וועג פאָראויס ווערט קלאָרער, לייכטער:

— לאָמיר גיין אויף חבר בענצלס וועג!

* * *

קערן מיר זיך אום צום אָנהייב: איר זענט, אין א מזלדיקער שעה, געוואָרן א בן שבעים.

ווען איך וואָלט געהאַט א דעה, וואָלט איך צוגעגאַנגען צו די שפּרינצאַקס, די רובאַשאָווס און מערעמינסקיס, צו די זרובבלס און גרינבוימס, צו די מיימונס און שאַפּיראָס, צו אַלע אין מזרח־אייראָפּעאישן יידישן לעבן טיף פאַרוואָרצלטע ציוניסטישע מנהיגים און וואָלט זיי געזאָגט:

— יידן, מאכט א גרויסע פייערונג! א שמחה! זאָל עס אָפּקלינגען איבערן גאַנצן לאַנד!

— דהיינו?

— בענצל דער בונדיסט איז דאָך געוואָרן זיבעציק יאָר!

איך מיין דאָס ערנסט. וואָרעם וואָס נאָך באַווייזט אַזוי בולט, אַז דורך דעם בלוטיקן, אָפּטמאָל געשפּענסטיקן וועג פון דער יידישער

געשיכטע אין אונזער דור איז מדינת ישראל געוואָרן דאָס אייגנטום פון אלע יידן? אז אלע יידן זענען מיט זייער לייב און לעבן גע־וואָרן שותפים אין גורל, אין געראַנגל פון מדינת ישראל — ווי דער לעבנס־וועג פון ביאַליסטאָקער בעקער?

און וואָס נאָך קאָן אזוי קלאָר באווייזן, אז דאָס יידיש לאנד קאָן זיין א היים ניט בלויז פאר איין שיטה יידן, נאָר אַז עס קאָנען דאָרטן פריי לעבן, ארבעטן, בויען אַלע מינים, אַלע גרופּעס פון אונזער מאָ־דערנער, פיל־צווייגיקער יידישער אומה — ווי בענצל און איטקע צאַלעוויטש, די בונדיסטן פון ביאַליסטאָק, וואָס האָבן דאָרטן געבויט זייער היים, האָבן מיט ישראל פארבונדן זייער לעבן, די צוקונפט פון זייערע קינדער?!!...

אָבער א סברא, אז אַזאַ פאָרשלאַג איז נאָך דערווייל פריצייטיק. וועל איך אים מאַכן ווען איר וועט, מיט מזל, ווערן אכציק יאָר.

ביז דאן — דאַרף מען שיקן אייגענע ווינטשעוואניעס.

מיינע זענען צוויי.

באלד, אין גיכן, אין די נאָענטסטע יאָרן, זאָלט איר און חברטע איטקע קאָנען זען ווי עס וואקסט, ווי ס׳פארוואָרצלט זיך, ווי ס׳דער־אָבערט זיך כוח און חשיבות — דער „בונד״ אין ישראל!

און —

זאָל שלום אראָפּנידערן אויף די בערג פון יהודה און אויף די פליינען פון גליל. זאָל אויפהערן צו פליסן אומשולדיק בלוט. זאָל שמואל קאָנען רואיק ארבעטן אין דגניה. זאָלן די אייניקלעך ניט וויסן פון שוידער פון מלחמה. זאָל ייד און אראבער אויסציען איינע צו די אנדערע די הענט אין פרידן, אין פריינשאפט: „סאלאאם״ און „שלום״.

וועט מען קאָנען רואיק אַרבעטן, וועט מען לייגן פעסטע יסודות פאר א פריי יידיש לעבן. וועלן אין לאנד וואקסן סאָציאַליסטישע פעס־טונגען. וועט פון דעם געמונטערט און געשטארקט ווערן דאָס יידיש פאָלק — אומעטום.

ס ו ף

# אינהאַלט:

# „לעבנס־פראגן“

## סאציאליסטישע חודש־שריפט

### פאר פאליטיק, ווירטשאפט און קולטור

**ל ע ב נ ס - פ ר א ג ן**

שטרעבט צו אַ יידישער מדינה, וואָס זאָל זיין גייסטיק און קולטורעל באהאפטן מיט דעם צעשפרייטן איבער דער וועלט יידישן פאָלק.

**ל ע ב נ ס - פ ר א ג ן**

קעמפט פאַר דער חשיבות און פאַר דער גלייכ־באַרעכטיקונג פון יידישן לשון אין דער ישראל־מדינה.

**ל ע ב נ ס - פ ר א ג ן**

שטרעבט צו אַ יידישער מדינה, וואָס זאָל זיין געבויט אויף גלייכהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע אירע בירגער און אויף שלום און ברידער־לעכן צוזאַמענלעבן מיט די אַראַבישע פעלקער.

אדרעס :
תל־אביב, רח' אהרנסון 25